אברהם סוצקעווער

# ביים זיידן אין סמאַרגאַן

דעמאָלט ווען מיין באָבעלע,
אויסגעפוצט אין עסיק און אין האָניק,
אַזאַ נאָבעלע,
האָט מיך צום געבוירן־טאָג
באַשאָנקען מיט אַ זייגער —
דעמאָלט איז מיין צייט געגאַנגען
אין דעם זעלבן שטייגער.

ס׳איז געווען אַ וואַנטזייגער, וואָס שטאַמט פון דער לבנה...
ימען טינט איז ווייניק צו באַשרייבן זיין פאַסאָן.
זי האָט אים געראַטעוועט
(אויב ס׳דינט איר דער זכרון)
כלה־צייט, פון אַ פאָזשאַר ביים זיידן אין סמאַרגאָן —
יענע שטאָט, וווּ אין אַ לאָרבערקראַנץ
איך בין געבאָרן.

ער איז געווען אַ קאַליקע
מיט קרומע פיס פון בליי;
אויף דינע קייטן גאַליקע,
וואָס באַמבלען זיך דערביי.
אַ שניימענטש, אַן אַנדרוגינוס,
פון רויטן האָלץ און שטאָל.
מיט ברענענדיקע אויגאַנעס,
ווי שטערן צוועלף אין צאָל.

איך האָב מיין גאַסט מיין טייערן
באַשטימט אַן אויבן־אָן:
— איך וועל דיך פוצן, שייערן
און דאָ וועט זיין דיין טראָן.

און כאָטש ער האָט געשניטן,
האָט ער דעמאָלט ניט פאַרשניטן
מיין צייט.
זי איז געווען אין גאַנצן מיינע.
און אַז מיין באָבען האָט פאַרגלוסט זיך דווקא
אָנצוקלאַפּן מיטן בלאָען שירעם
אין גן־עדן —
האָט דער זייגער ניט דערלאָזט מיר זאָלן זיך צעשיידן.
געוואָרן איז די באָבעלע אַ היימישע קוקאַווקע.
און יעדער שעה אַרויסגעשפּרונגען פון איר קבר:
— קו־קו!
דיינע איז די צייט, אוי דיינע, דיינע: ———
— קו־קו!
אַצינד, ווען יענער זייגער איז פאַרברענט,
איז אויך מיין צייט ווי אָפּגעברענטער קאָרן.
און בלויז דער בלינדער קו־קו זוכט אַ נעסט אין מיין זכרון.

אין מדבר סיני 1957.

דניאל טשארני

# דער סקולפּטאָר איטקינד

דער סקולפּטאָר איטקינד איז פאַר דער מלחמה געווען נישט מער, ווי אַן איינפאַכער פאַרבער פון ווייבערשע זאַכן אין סמאַרגאָן. פון צייט צו צייט פלעגט איטקינד ביי זיך אין שטעטל אויסקנעטן פון ליים פאַרשיידענע מינים פיגורן. אין סמאַרגאָן גופא זיינען, פאַרשטייט זיך, נישט געווען קיין סך קונסט-מבינים אויף איטקינדס „ליימענע גולמ׳ס״, אָבער לאַצקי־בערטאָלדי, וועלכער איז פון־תמיד א גרויסער קונסט-קענער און וועלכער פלעגט אפט קומען קיין סמאַרגאָן צוליב זיינע עסעסישע ענינים — האט איטקינדן אנטדעקט און אים ארויסגעפירט אין דער ברייטער וועלט אריין.

מען האט וועגן אים אנגעהויבן שרייבן אין די בלעטער, ווי וועגן א צווייטן אנטאקאָלסקין — און ווען סמאַרגאָן איז מלחמה צייט אוועק מיטן פייער פון די דייטשע הארמאטן און „בערטעס״ — האט זיך איטקינד נאקעט און הויל, צוגלייך מיט אלע אנדערע „בעזשענצעס״ (פּליטים), אוועקגעלאָזט קיין מאַסקווע, ווו ער האט זיך באלד געפונען א נייע היים און נייעם ליים.

איינע, א מאַסקווער גרעפין, האט איטקינדן אנגעהויבן מעצענירן. האט זי אים אזוי לאנג מעצענירט ביז זי האט זיך אין אים פאַרליבט. א דאנק אירע גרויסע פאַרבינדונגען אין דער מאַסקווער געזעלשאַפט, — האט די גרעפין באלד געפונען גוטע קונים פאַר איטקינדס סקולפּטורן און אַזוי אַרום איז דער קליין־וויקסיקער, בלאָסער און שטענדיק-הוסטנדיקער פאַרבערל פון סמאַרגאָן געוואָרן אין מאַסקווע „א גאַנצער גראַף״.

די קינסטלער-שניפּסן און דער דעקאַדענטישער קאַפּעליוש, וואָס איטקינד האט אנגעהויבן טראָגן — האבן אים ווירקלעך פאַרוואַנדלט אויסערלעך אין א קליינעם דעגענערירטן גרעפעלע.

איז איטקינד אליין געקומען צו מיר אויף א שטאַרק-באַגלעקלטן שליטן מיטצונעמען מיך מיט מיין פּרוי צו זיין גרעפין, ווו מיר וועלן קאָנען באַגעגענען דעם ניי-יאָר לויט דעם אלט-רוסישן שטייגער.

די ׳רושה־ווילע פון דער פאַראַלמנה׳וועטער גרעפין איז געווען פאַרשטעקט אין איינעם פון די אָפּגעלעגענע געסלעך, ווו נאָר גרויסע פּריצים און אויסגעדינטע

גענעראלן האבן געהאט זייערע „אסאבניאקעס". דער גרעפינס ווילע איז פון דרויסן געווען אינגאנצן באזילבערט פון דעם איבערגעפּראַרענעם שניי-שטויב. אויך אינעווייניק האט דער סאלאן אויסגעזען ווי א באזילבערטער. דער טיש איז געווען דורכאויס סערווירט מיט שווערן פאמיליען־זילבער. אויך גאנץ הויכע קאַנדעלי־



אברעס מיט די ברענענדיקע סטעארין-ליכט און דער שווער-בייכיקער סאמאוואר זיינען געווען פון מאסיוון זילבער. אפילו די צוויי דאמף-וואלקענדלעך, וואס דער קאכעדיקער סאמאוואר האט פון זיך מאיעסטעטיש ארויסגעגעבן, — האבן אויסגעזען צו זיין, ווי באזילבערט. די פיר הויכע וואנטשפיגלען, וואס זיינען צעשטעלט

געווארן אין אלע פיר ווינקלען פון דעם סאלאן האבן אפגעשפיגלט אין זיך דעם גאנצן באזילבערטן טיש און ס׳האט אויסגעזען, ווי א מעשהלע פון טויזנט און איין נאכט.

אבער די ניי-יאר נאכט פון 1917 אויף 1918 איז געווען, זעט אויס, די גאר לעצטע מעשהלע פון דער טויזנט און צווייטער נאכט. זי איז געווען די לעצטע נישט נאר פאר די גראפן און פריצים אליין.

איך האב נאך קיינמאל נישט געהאט געזען און געהערט, אז מען זאל לכבוד דעם ניי-יאר אויפקאכן א גאנצן סאמאוואר נישט מיט וואסער, נאר מיט... קאניאק! איך האב נאך קיינמאל נישט געהאט געזען און געהערט, אז מען זאל דעם ניי-יאר באגעגענען מיט אויפגעפלאמטע היטלען-צוקער, וועלכע זיינען באגאסן געווארן מיט גאנץ שטארקן ספירט. די אויפגעפלאמטע צוקער-פאקלען האבן מיט אלע זייערע בלוי טאנצנדיקע פייערן זיך אנגעהויבן אפשפיגלען אין די אלע פיר ווינקל־שפיגלען און מען האט, ווירקלעך, געקאנט גלויבן, אז דער נייער יאר 1918 ווערט געבוירן אין אַזאַ מין זיס־בלויען ווונדער, וואָס מוז ברענגען גליק און פרידן אויף דער גאנצער וועלט.

אויף מיין יינגעלע, — האב איך א טראכט געטאן — וועט געבוירן ווערן אין אַט אַזאַ מין זיס־בלויען ווונדער.

— אונדזער קינד, רחל, וועט אויך זיין אַ בלוי־זיסער ווונדער! — האָב איך אונטערן רויש פון געקאכטן קאניאק און געברענטן צוקער א זאג געטאן צו מיין פרוי.

דער סקולפטאר איטקינד, וואס איז געווען געזעסן נעבן אונדז, האט זיך פלוצים ארייגעמישט:

— איר ווייסט, טשארני, די גרעפין מיינע וויל פון מיר האבן א קינד. אבער איך דריי זיך ארויס, ווייל טאמער וועט זיין א יינגעלע, וועט זי דאך אים נישט וועלן מל זיין, די גויה.

— איך האב שוין אזוי אויך געגוג — האט איטקינד באלד צוגעגעבן, — וואס דער טאטע מיינער קומט מיר אלע נאכט צו חלום און ער בעט זיך ביי מיר רחמים כ׳זאל אים ברענגען צו קבר ישראל.

לאזט זיך אויס, אז איטקינדס טאטע האט „לויפנדיק" פון דעם ברענענדיקן סמארגאן צו מינסק-צו זיך געהאט אנגעשטעקט אונטערוועגס מיט א פלעק טיפוס און מען האט אים מקבר געווען צוזאמען מיט נאך עטלעכע קריסטן אין אן אזוי־גערופענעם ברודער-קבר אויף א מיטן פעלד צווישן סמארגאן און מינסק.

איז מיר באפאלן א גרויסער צער פאר אט-דעם אומבאהאלפענעם איטקינדן, וואס יעדע נאכט קומט צו אים זיין טויטער טאטע נאך א קבר ישראל און יעדע נאכט קומט צו אים אויך די פאראלמנהוועטע גרעפין נאך א „ממזרל"...

איז מיר ערשט דענסטמאל קלאר געווארן זיין לעצטע סקולפטור, וואס האט מיט זיך פארגעשטעלט א ליגנדיקע שטארק־מגושמדיקע נקבה, אבער אן פּיס

— דאס איז „ראשיי", די אלטע „ראשיי" (רוסלאנד הייסט עס) — האט מיר איטקינד אנטפלעקט די הויפט-אידעע פון זיין נייער ארבעט.

דאס האבן די באלשעוויקעס אונטערגעהאקט די פיס ביים אלטן רוסלאנד — עס זאל ווייטער נישט קאנען גיין.

אויך די גרעפין זיינע — די פארליבטע מעצענאטקע — האט שוין, זעט אויס, אויך געהאט דערשפירט, אז די גרעפישקייט אירע וועט שוין אויסהויכן איר נשמה צופוסנס דעם יידישן „אנטאקאלסקי" פון סמארגאָן, און זי האָט געהאַט באשלאסן צו מאכן אין דער ניי-יאר נאכט פון 1917 אויף 1918 א זילבערנעם סיום לכבוד איר גאלדענער פארגאנגנהייט.

די אונטערגעצונדענע היטלען צוקער זיינען שוין געווען לאנג אויסגעלאשן. אויך דער זילבערנער סאמאוואר מיט דעם אויפגעקאכטן קאניאק איז שוין געווען לאנג אויסגעלאשן.

צוזאמען מיט זיי האט זיך אויך געהאט אויסגעלאשן דאס אלטע פארשיכורטע רוסלאנד...

ס'איז געווארן אויס „ראשייע". נאר סאוויעט-רוסלאנד...

אליהו גאלוב

# מיין חרוּבע שטאט סמארגאן געהייליגט

(פראַגמענטן)

פון בוך „חורבן"

## א.

זאָגט מיר הימלען, וואַרום ליגט זי
טויט און פוסט די שטאָט,
ווער האָט עס דערשטיקט איר אָטעם
וועלכער וויסטער גאָט?...

זעהט די קוימענס פון פאַבריקן
ווי אַ דאַרער וואַלד,
שטעהן אַן אַ הויך פון לעבן
פינסטערע און קאַלט.

און מאַשינען אָן באַוועגונג
שווייגן, מאַכטלאָז וויסט,
גלידער אייזערנע צופוילטע
ליגען שוואַרץ אין מיסט...

און די גאַסן אויסגעצויגן
ווי אַ לאַנגער מת;
קופּלען צו דער ערד געבויגן
היינגען אויף אַ נס...

דעכער האַלבע אויסגעריסן
פענסטער קוקן בלינד.
הוליעט פריי אין די פּאַלאַצן
יעדער בייזער ווינט...

פאַלן צו דער ערד באַלקאָנען
זײלן אויסגעדרײט,
סקולפּטאָר-געטער, ווילד-געמומ׳טע
וואַלגערן זיך טויט.

און די סעדער און די בלומען
זעהט, פאַרשיט דער שטויב —
זעהט, די וויסטקייט שלינגט אַלץ מעהרער,
זעטיגט ניט איר רויב...

קוקן רעלצן פון די גראָזן
אויסגעבראָכן, קרום;
און פון אויבן הײנגען דראָטן
אויפגעקאָרטשעט, שטום.

טאַרטשן אויסגעדרײטע טרויבן
ווי פאַרדאַרטע הענט.
הײנגען שטיקער אין דער לופטען
פון די קרומע ווענט.

און קיין טראָפּן כח פלײצט ניט,
פון ענערגיע-קראַפט;
אויסגעטריקנט אין די נערוועז
ס׳גאַנצע לעבענס-זאַפט...

פרעסט די שטאָט אַ וויסטע שוואַרצקייט
אין דער בלינדער נאַכט.
שלינגט זי פון זיך זעלבסט די שאָטנס,
פון קיין שטראַל באַוואַכט...

אויך אויף טויטע האָט די וויסטקייט
אויסגעבלויזט איר שווערד,
וואלגערן-זיך פוילע ביינער
אויף דער נאַסער ערד...

קוקן קברים ווי די וואונדן
פון אַ קראַנקען גוף,
הוילען פינסטערע — ווי ווערים
דרעהען זיך אַרויף.

שנאָרעט אומעטום דער הונגער
יאָמערט אָן אַ קול;
גריזען הינט אַ מענשענס ביינדל
שוין צום צעהנטן מאָל

זאָגט מיר הימלען, ווער פאַרשאָטן
האָט דעם לעבענס קוואַל,
און דער וויסטעניש גערופן
פייערן איר באַל?...

## ב.

— געוועזן איז דאָן קראַנקלאַך און בלאַס דער
פריה־מאָרגן
און מיד אויף די פעלדער די פוסטע פאַרשפּרייט זיך.
אַ פויגל האָט ערגעץ מיט איינציגע טרעלן
פון שיטערן וועלדל צום מאָרגן געגרייט זיך.

פון ערגעץ אַרום, אין פאַרחלש׳טן הימל
שטיל האָבן די וואָלקענדלאַך שטראַלען געבעטן
און בלאַס ווי זיי וואָלטן פון אונטער די פליגלען
פון מלאך-המות אַנטלאָפן זיך רעטן...

איז שטיל אויפן הימל און שטיל אויף די פעלדער
געלעגן אַ צאַפּלענדע שרעק אויסגעגאָסן —
פּלוצלונג האָט ערגעץ אַ פּלאַם אויפגעריסן
און האָט אזוי פּלוצלונג זיך ערגעץ פאַרלאָשן.

און שאַרף האָט די לופט ווי אַ מעסער געשניטן
אַ טרייסלענדער זוז-זיז... און האָט זיך צושאָטן,
געפּלאַצט האָט אַן אויפרייס, און גלייך ווי די באָמבע
האָט וועז זיך אין קראַפט מיט דעם דונער פאַרוואָטן...

און רוהיג איז ווידער געוואָרן אין לופטן —
נור גלייך האָט די שטאָט-האַרץ דערפילט אירע וועהען,
דאָס איז אַ געררוס אָנגעקומען פון דאָרטן
וואו לעבן און שטאַרבן געאַרעמטע געהען...

און פוסט איז געוואָרן, די גאַסן פאַרשטאַרבן,
געצויגן זיך לאַנגע אַן ברעגעס, און שטומע,
צולאָפן אין שרעק איז מען ערגעץ אין קעלערס,
אין גריבער באַהאַלטן זיך נאַסע און קרומע;

און אַט האָט אַ דונער געגעבן, אַ צווייטער,
און ערגעץ געענטפערט אַ דריטער פון ווייטן;
עס האָבן זיך פײַנטליכע כחות מיט פלאַמען
אַריבער דעם שטאָט־קאָפּ גענומען זיך בייטן...

האָט הויך אין דער לופטן געטראָגן זיך בליצן
און קנאַלנדע קולות געטרייסלט דעם באָדן
צושאָטן זיך טויזנדער קלייניקע קלעפּלאַך
אַזוי ווי אין גיהנום קעסל געזאָטן...

און שווער האָט געקרעכצעט די ערד און דער הימל
געשטאַנען אין לופט איז אַ יאָמער פון וועלטן...
צעהנטויזענטער שויבן צופּלאַצן אויף שטיקלאַך
— און טורעמס צופאַלן ווי פאַסטוך-געצעלטן

און ס׳בלאַנזשעט אין גאַסן אַן אימה אַ שטומע
און שפּיגלט זיך קראַנקלאַך אין מוטלאָזע בליקן —
צי וועט ווען די וועלטליכע קללה אַריבער
און שטראַלן פון הימל די זון וועט נאָך שיקן?

דריקט פעסט די מוטער דאָס קינד צו איר האַרצן —
צי וועט איר ניט שלאָגן דער טויט די מינוטן,
רייסט אויס יעדער דונער די האַרץ פון די וואָרצלען
און סמ׳ט די נשמה און טויט אָפּ די בלוטן...

און ס׳הערט ניט אויף קראַכן דער שטרייט אויף די
פעלדער
די שטאָט איז געשמיט ווי מיט פלאַמענדע קייטן
עס ליגן שוין פּגרים פון פערד און פון מענשן
עס בלאַנקט אויף די גאַסן שוין בלוטיגע קווייטן...

און ס׳טוליען זיך שווייגענד די הייזער אין אימה
אַזוי ווי זיי פילן דעם אָטעם פון שטאַרבן
און אויבן צורייסן זיך אָפּטער די פלאַמען
אַ קנויל — און צושיט זיך אין גליהענדע גאַרבן...

ג.

## נ א כ ט

האַט זיך אָנגערוקט אַ נאַכט
שוואַרץ מיט שווייגענדיגן וואוט,
ערגעץ שטורעמט נאָך און קראַכט
ניט עס שלאָפט און ניט עס רוהט —

הילכט אָפּ יעדער קלאַפּ אין שטאָט
שלאָגט זיך אָן די שווערע ווענט
לויערט וואו אַ שוואַרצער גאָט
ערגעץ ווייט דער הימעל ברענט...

פאַלן פלאַמען רויט און בלאַס.
בלאַנקען שאָטנס בייזע אום,
ברענט קיין ליכטל ניט אין גאַס
בלאנדזשען אויפן הימל ראנד
שטיל, קיין שטימע, וויסט און שטום...
פון פראַזשעקטאָר שאַרפע ליכט,
אַ פאַרכשופ׳ט-רויטע האנט
מיט די פינגער ערגעץ זוכט...

קוקט מען פון דעם קעלער שטוב
קריכט אַ שרעק אין האַרצן טיף,
פלוצלונג רייסט וואו אויס אַ גרוב
אַ קאַנאָנען בייזער שטיף...

---

ד.

האָט אַ מחנה דורכגעריסן
און אין שטאָט אַריינגעגאַנגען,
ציהט אַ טויזנט קעפּיג חיה
שווער מיט אייזן דורך באַהאַנגען,

אָטעמט בייז מיט פלאַם און פייער
און זי גרוילט פאַר טויזנט מיילן —

טרעט זי האַרט געצעהלט און זיכער,
געהט אין פעסט געשמיטע ציילן.

ציהען וועגן זיך מיט מענשן
פערד און מענש געשפאַנט אינאיינעם —
ביידע אָן אַנ׳אייגן ווילן,
ווייט געשטויסן וואו פון איינעם...

פלוצלונג שיט זי זיך פאַנאַנדער
אויף די הויפן, גאַס און געסלאַך;
מיט בייז־צארנדיקע אויגן
און געזיכטער, ווילד און העסלאַך...

גיסט זי אויס איר בלינדן צאָרן
אויף די שטיינער-געטער, בילדער
טראָגט אַראָב אַלץ, ווי דער אָפגרונד
שטורעמט בייז און ווערט נאָך ווילדער...

רייסט אַריין זיך אין די קעלערס.
שענדעט טעכטער מיט דער מאַמען...
שלאָגט, פאַרניכטעט אַלץ אָן אָפּהאַלט
אייזן, שטיין און מענטש צוזאַמען.

הרג׳ט קראַנקע אין די בעטן,
רייסט פון מויל אַרויס די ציינגער,
רויבט באַ טויטע דעם פאַרמעגן
דרייט די רינגען מיט די פינגער...

ווערט ניט זאַט אין ווילדן כעס
שמוצט זי הייליגקייטן, ניכטער...
הילכט איר, שיכורער געלעכטער
קוקן חיה׳שע געזיכטער...

ווערט נאָך ווילדער אין איר ברויזן,
ווערט ניט זאַט איר בייזער צאָרן,
פרובט זי דאַן די שטאַט פאַרניכטן
שאַפונגגען פון טויזנט יאָרן...

## ה.

שאָטנס בלאָנדזשען אום אין גאַס...
עפּעס קריכן זיי געהיים,
ווער וויל שטערן איצט דער נאַכט
ווען עס וואַכט קיין שטראַל פון רוים ? —

עמיץ רוקט זיך שטיל באַזאַכט
מיט אַ פאַקעל לייכט ער בלאַס
און אַ צווייטער ביי אַ פּליט
און אַ דריטער אים באַגלייט...

שפּרינגען פלעמלאַך ביי אַ ראָג,
און באַהאַלטן זיך אין הויף
געהען אום פון אָרט צו אָרט
צייכענען אין לופט אַ רייף...

שטיל, עס הערט זיך ניט קיין וואָרט.
וועמענס פאָלגן זיי פאַרזאָגט ?
וואָס נאָך זיינען זיי געגרייט
טאָן אין שטאָט וואָס ליגט שוין טויט ? !



פלוצלונג רייסט אַ וועה געשריי
טראָגט זיך אום פון עק צו עק —
עס ברענט !... עס ברענט !... די שטאָט, אַ וועה !
שטעהט אין לופט אַ רויטער שרעק.

שיטן מענשן זיך אַרויס,
פרויען קינדער נאַקעט, בלויז,
פאַלט מען איינער אויף דעם צווייטן
ווערט פאַרלאָרן קינד און פריינט,

און פון הימל פון דעם רויטן
ווערט די שטאָט מיט פלאַם באַשיינט...
רייסן פלאַמען זיך פון דעכער
שטייגן רויטע צונגן העכער,

און זיי דרייען זיך אין קנוילן
שטעלן זיך אין שוואַרצע זיילן
רויך מיט פלאַמען אויסגעמישט
ווערן גאַס און געסלאַך וויסט...

קרעכצן אין דער הויך באַלקאַנען,
און עס ציטערן די ווענט
פאַלן פלאַמען פון קאַנאַנען
אין דער רויטער שטאָט וואָס ברענט!...

הילכט מיט שרעק און בייזער פיין
גאַס אַרויס און גאַס אַריין,
ווערט די שטאָט אַ פייער ים
יאָגט די מענשן ווילד דער פלאַם...

ווייס מען ניט וואוהין צו לויפן,
איינגעשמיט אין פייער רייפן,
און פאַרגעסן גאַס און שטוב
זוכט מען רעטונג אין אַ גרוב,

כאַפּן פרויען פרעמדע קינדער,
שלאָגן מוטערס זיך מיט צאָרן
נעמען זיי אַרום די פלאַמען,
ווערן זיי אין רויך פאַרלאָרן...

יוערט עס גרויזאַמער פון שעה
ווערן יונגע פלוצלונג גראָה — —
און פאַרדונקלט דער פאַרשטאַנד
לויפט מען ראַטעווען אַ שטיין,
וואַרפט מען זיך אין פייער-בראַנד
און מען ווערט פאַרברענט אַליין...

---

און פון הינטן האָט געטריבן
ס׳גאַנצע פאָלק אַ בלויזער שווערד,
לויפט מען פון דעם פייער קעסל
אַלטע, יונגע, מענש און פערד,

לויפט מען אין די וועלדער, פעלדער
דאָרטן וואו עס קאַכט דער שרייט.
פינסטער, נאָר פון ווייטן פאַלן
פּאָסן פלאַמען ברייט און ווייט...

צאַפּלט נאָך אין לופט דאָס קנאַקן
פון די פאַלנדיגע ווענט,
און אַנטקעגן — שיסערייען
שיטן זיך אַרום אָן ענד...

לויפט מען פון איין פלאַם אין צווייטן
הינטן — שרעק און פאָרנט — טויט —
ווערן שווער אויף זיך די בגדים —
שליידערט מען דעם לעצטן ברויט, —

יאָגן אָנ׳עט מענשן, חיות,
און באַרויבן יונג און אַלט;
וואַרפן קינדער פון די בוידן,
שלעפן פרויען טיף אין וואַלד...
ו.
דורכגעגאנגען איז די חיה
און דעם חורבן ווייט פאַרזייהט:
שטעהט אין מיטן וועג אַ וואָגן
מיט די רעדער אויסגעדרייט.

היינגען פליגלען פון דעם ווינט-מיל
דורכגעשאָסן, אויסגעפליקט,
און אָן איינזאַם הייזל טאַרטשעט
אָן אַ דאַך, צו דר׳ערד געדריקט.

ליגן וואו-ניט-וואו צוואָרפן
מענשן-גלידער — שטויב באַדעקט...
ליגט אַ היטל אָן אַ מענשן
און מיט שוואַרצן מאַרך באַפלעקט...

און פאַרזייטע קליינע קברים
אָן אַ צייכן שטיל און שטום —

דרעהען קראָהען זיך אין לופטן
שמעקן וועלף די לופט אַרום...

און עס שטעהט אין לופט אַ ברומען
ערגעץ קרעכצעט נאָך דער וואַלד,
און די קוסטעס אײנגעגראָבען
יתומים-ביקסן שטעהען קאַלט...

און אין שטאָט איז ניט פאַרבליבן
ניט קיין מענש און ניט קיין שטוב;
איינער נאָר אַ חסר דעה
וואַלגערט אום זיך אין אַ גרוב...

קומט די שוואַרצע נאַכט אין שאָטן
לייגט זיך אויף דער פוסטער גאַס —
געהט דער חסר-דעה שווייגענד
גראָבט און זוכט אין שוואַרצן אַש — —

שלעפט אַרויס אַ האַלב פאַרברענטן,
בינדט אים אָן אַ שטריק צום האַנט,
ציט אים דורך די פוסטע גאַסן
און באַגראָבט אים ביי אַ וואַנט —

יאגן הינט זיך נאך דעם קרבן
הילכט אין גאס א הונגער וועה —
שטערט דעם טויט זיין וויסטן שלאפן
א משוגענער געשריי.

כארקאוו, מאי 1918.
„קונסט רינג",
ליטעראריש קינסטלערישער אלמאנאך,
צווייטעס בוך, צווייטע אויפלאגע,
פארלאג, אידיש.

# אליהו גאלוב

נאָך דער אָקטאָבער רעוואָלוציע געקעמפט אויפן אוקריינער פראָנט קעגן די דייטשן. אין 1918 אנגעהויבן זיך באטייליקן מיט לידער אין די יידישע ליטעראַרישע אויסגאבעס אין סאוועטן-פארבאנד.

זיינע ווערק: „אין שטורם", „פאעמעס, זז. 34, כארקאוו 1918. „צו א נייער וועלט", סימבאלישע דראמע אין 4 אקטן, זז.48, 1919. „צווישן וועלטן" (לידער און פאעמעס), זז. 71, כארקאוו 1921.

# גרשון ברוידע

(1947—1888)

גרשון ברויד'ע איז געבוירן געוואָרן אין סמאַרגאָן אין 1888 ביי א פאַרמעגלעכער פאַמיליע פון לעדער הענדלער.

ער האָט שטודירט אין בערן, שווייץ.

אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה און נאָך דער אָקטאָבער איבערקערעניש, געלעבט אין מאָסקווע.

אין 1921 ביז 1925 האָט ער זיך געפונען אין בערלין.

אין 1925 איז ער געקומען קיין ישראל.

געשטאָרבן אין 1947 אין עלטער פון 59 יאָר.

גרשון ברוידא

# גאט און סמאל

געוואָרפן פון הימל אויף דר׳ערד האָט סמאָל
זיין בליק פול מיט קנאה און שפּאָט:
די וועלט האָט געזונגען באגייסטערט פון לעבן
די שירה די ערשטע — צו גאָט.

און לאנג האָט געדויערט דער הייליגער נגון,
דעם כאָר האָט קיינער געשטערט.
א גליקליכער יונגער איז גאָט שטאָלץ געשטאנען
נאָך אלץ אין זיין אויפטו פארקלערט.

די וועלט האָט געזונגען! און ס׳האָט זיך אין וועלטאַל
וואָס שטום איז — מיט קלאנגען געפילט;
נאָר פּליצלינג געוואָרן די ערד איז פארכמאַרעט
דאָס ליד האָט אויף אייביק פאַרשטילט.

און טרויעריק געקלונגען די שטים האָט פון בורא:
„איך מ׳ווז דיך פאַרלאָזן מיין וועלט;
„וואָס העכער זאָל הויבן דער קאָפּ פון מיין שאפונג,
„אין הימל מוז זיין מיין געצעלט...

„נאָר כ׳וויל אויף דער ערד אַ פאַרטרעטער מיר לאָזן,
„דעם מענטש מיט א גייסט פון אַ גאָט,
„אַ קערפּער פון ערד — ער זאָל קענען דאָ לעבן,
„מיט גייסט — צו פאַרשטיין מיין געבאָט.״

און גאָט האָט א הויפן מיט ערד באַלד גענומען
און אייליק אַ קערפּער געמאַכט,
נאָר איידער ער האָט אים די נשמה געגעבן
האָט ער זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט.

דערווייל איז סמאל ארונטער פון הימל
צום קערפּער געפלויגן געשווינד
און גיך א נשמה אין אים רויט געשליידערט,
אַ גייסט פול מיט ווילדקייט און זינד.

געמאַכט האָט ער דאָס מיט א טייוולשער שנעלקייט,
באמערקט האָט דאָס גאט ניט אליין!
און האָט אין דעם קערפּער אויך זיין גייסט געבלאָזן,
אַ גייסט וואָס איז הייליק און ריין.

און ס׳וואַרפט זיינע בליקן אויף גאָט דעם פארקלערטן
סמאל מיט שפּאָט פון דער זייט:
„ער איז דער פאַרטרעטער אויף דר׳ערד פון אונדזביידן,
„ער פירט אונדזער אייביקן שטרייט!״.

דוד יוסיפון

# ניסן מקלר

נולד בי״א טבת תרס״ב בסמרגון שברוסיה להוריו אברהם שרגא פייביל וחנה. בן חמש וחצי נכנס ל„חדר״ וכעבור שנה אירע לו אסון: במשחקו עם הילדים נסתמאה עינו האחת בתאונה. הוא ממשיך ללמוד ב„חדר״. כעבור שנה וחצי הוא מקבל מכה בראשו ועינו השניה מאבדת את ראייתה. הוריו נוסעים איתו אל גדולי הרופאים ברוסיה ובגרמניה, אך ללא הועיל. נגזר עליו עיוורון לתמיד. מציעים להוריו להכניסו למוסד לעיוורים באירופה, אך ר׳ אברהם שרגא פייבל, יהודי דחיל חטאין, קורא בתורה בקלויז שלו, (תמורת שירותו זה הוא גר במרתף צר וטחוב שבקלויז ללא שכר־דירה) מסרב בכל תוקף למסור את בנו למוסד, בו מתחנכים גם נוצרים. האב אז עוד עסק במקצועו, הסנדלרות (והיה עני מרודה יחד עם זה), ואת הילד שלח בלוויית סבו למוסד חינוך העיוורים בירושלים.

בשנת 1913, שנה לפני פרוץ מלחמת העולם, מתקבל ניסן מקלר כחניך בבית חינוך עיוורים. הילד מתגלה מיד כבעל כשרונות מצויינים; עסקן, מרוכז, חבר טוב, בעל מידות טובות, מתון ומיושב. הוא מסיים בהצלחה את בית־הספר היסודי שבמוסד.

שלוש עשרה שנה אחריו עולה אחיו הצעיר, שעזב את ה„ישיבה״ והפך פועל בארץ. לאחר זה עולים גם הוריו ואחותו.

עם התבגרו מתבלט ניסן במוסד כבחור בעל שאר־רוח, ער לחיי־הציבור אידיאליסט, המתעניין הרבה בחיי אחיו לגורל העיוורים. להם הוא הופך לפה ברבות הימים במוסד ומחוצה לו.

בשאפו להשכלה גבוהה, עליו להשיג תעודת בגרות ואז טרם היו נהוגות בארצנו בחינות בגרות אכסטרניות. מקלר נבחן ליד הגמנסיה העברית בירושלים על־ידי ועד החינוך על פי הרשאה וסידור מיוחדים ועובר את הבחינות בהצלחה. הוא נכנס ללמוד באוניברסיטה הירושלמית ובוחר לו את מדעי הרוח כמקצועות לימוד: פילוסופיה כללית, היסטוריה וסוציולוגיה ובשנת תרצ״ה הוא מסיים בהצלחה את לימודיו באוניברסיטה ומקבל תעודת „מוסמך למדעי הרוח״ (M.A.)

חרף עיוורונו, ויהי הדבר לנס. הוא אינו מסתפק בהשכלה שרכש לעצמו ושואף להשתלמות נוספת ובינתיים ממריץ את חבריו וחברותיו במוסד כי אף הם ישתלמו בבתי מדרש למורים ולמורות וימשיכו את לימודיהם אחר־כך באוניברסיטה. עם סיימו את לימודיו באוניברסיטה מציע לו הד"ר ש"פ קלעי, שהיה אז מנהל בי"ס תיכון בבגדד לבוא אף הוא לבגדד על מנת לשמש בהוראה בבית חינוך עיוורים יהודים שנפתח שם אותה שנה, ומקלר, שכבר היה לו נסיון הוראה במוסד בו התחנך, כמורה ראשי, מקבל עליו את התפקיד ומתכונן לנסיעה ללמד את העיוורים היהודים בבגדד, קריאה וכתיבה בכתב בראיל, מלאכות ואף נגינה.

אך בינתיים משתדל הד"ר י. ל. מגנס, השוהה אז בארצות הברית, להשיג גימלא עבורו, על מנת לאפשר לו להוסיף ולהשתלם במכללת קולומביה בניו־יורק במחלקה לחקר חינוך העיוורים, ומקלר מעדיף את ההשתלמות הניתנת לו בהזדמנות טובה ודוחה מפניה את מלאכת ההוראה בארץ ערבית...

עם חוזרו ארצה בסוף 1936 הוא נכנס להוראה בבית חינוך עיוורים בירושלים, שם גדל וחונך בעצמו והופך מיד הדמות המרכזית בחבר המורים. היטיבה להגדירו אחר שובה מבית הקברות אחת מחברותיו־המורות במוסד: „היה זה המצפון שבתוכנו!". — המצפון שבמוסד. כך הכירוהו הכול.

בענינים שבין אדם לחברו היה האיש צדיק גמור. לא יימצא איש בין עובדי המוסד כיום ובעבר אשר מקלר לא עשה כל המאמצים להיטיב עימדו בכל אשר עזרתו נדרשה. הוא היה הרוח החיה בהקמת אירגון העובדים במוסד ובשנת 1946 הצליח להביא לידי הסכם בין ועד המוסד וועד העובדים שהוא עמד בראשו מיום הקמתו ועד יומו האחרון, הסכם שנחתם ביזמתה של הסתדרות הפקידים בירושלים וביזמתו של מקלר. מאז כל שעתו הפנויה של מקלר נתונה לענייני העובדים בכללם ולעניניו האישיים־הפרופסיונליים של כל אחד ואחד, ללא יוצא מן הכלל, בפרט.

ליל ההצבעה באו"מ על עצמאות ישראל. הכול יושבים ליד המקלטים דרוכים, מתוחים, וחרדים, ואילו מקלר בשלוות נפשו הטיפוסית מעיר: „בטוח הינני שנצליח!". ירושלים מופגזות וביחוד סביבת המוסד — הכול יושבים במקלט, צפופים ורועדים. פגז של חמישים קילוגרם מתפוצץ בחצר המוסד והורס חלק מבנייני ומקלר יושב ומספר לחניכים סיפורים מבדחים — זכרונות ילדות ומעשי שובבות, ומרתק את הילדים בסיפוריו והכל שוכחים את גודל הסכנה, בה הם נתונים.

איש לא שמע את ניסן מקלר מוציא דיבה על מאן דהו מימיו. תמיד דיבר רק טובות על האדם באשר הוא אדם, לא יכול לראות חטא, הכול הבין וסלח. אהב שלום ורדף שלום. על כן הכול אהבוהו — החניכים הצעירים והמבוגרים, העובדים, המורים כולם שלא עשו בלעדיו צעד בשטח החינוך וההוראה במוסד. הוא היה

תל תלפיות שכל הפיות פונים אליו. שלא על מנת לקבל פרס עבד ללא ליאות בשטחים שונים במערכת החינוך בבית, בשטח הדפסת ספרי בראיל על ידי מתנדבים שהוא היחיד עמד עם כולם בקשר, כיוון והדריך, כתב והשיב, בשטח השבחת מצב העיוורים ושיקומם, גם אלה שמחוץ למוסד. על כן שכחו אנשי אגודת העיוורים „ששת" את מסיבתם שנועדה ליום קבורתו ומיהרו לבוא אל לוווייתו. על כן סגרו אנשי קואופרטיב העיוורים „התיקווה" את בית המלאכה שלהם ובאו כולם ירושלימה לגמול עמו חסד האחרון.

היה תומך במשפחתו בכל חסכונותיו. בת אחיו כותבת לו ששלחוה הביתה מבית הספר התיכון ,בו היא לומדת, בשל שכר לימוד שאין לאביה, מחוסר העבודה, להכניס, והדוד הטוב שולח את הסכום הדרוש, ללא היסוסים. בית משפחה לעצמו לא בנה, אך רכש לו דירה בבית־הכרם והכניס לתוכה את ידידו הוותיק, המדפיס בבית חינוך עיוורים, עמנואל שפר ואת אשתו. כזה היה האיש, שמעטים, מעטים כמותו בדורנו.

בכל ישיבות המורים מקלר הוא ראש המדברים, כאילו מאליהם מתהווים הדברים כך. כשמקלר מדבר, הכול עושים אוזנם כאפרכסת, כי לעולם אין דבריו ריקים, הכול — לענין, ללא שמץ של אנוכיות, אלא לטובת הכלל, או היחיד־הזולת שלו הוא בא לדאוג ואת מלחמת קיפוחו להילחם. הכול ידעו — כשמקלר פותח את פיו, אך הצדק והאמת מדברים מגרונו, שלהם הוא סוגד.

יהא זכרו ברוך!

בנימין פאַרסייט

# מיין ברודער אברהם פאַרסייט

(1954־1896)

שוין אין זיינע קינדער יאָרן האָט אברהם אַריינגעבראַכט אין אונדזער שטוב אין סמאַרגאָן אַ מין גרוס פון דער וועלט וואָס איז געלעגן אויסער אונדזער ענגן קרייז.

ער איז פרי אין זיין יוגנט אַוועקגעפאָרן קיין אוקראַינע. ער האָט געפונען אַרבעט אין אַ קליין שטעטל מענא, טשערניגאָווער גובערניע. דאָ האָט ער זיך באַקאַנט מיטן לעבן פון די פויערים. אַז ער איז געקומען אַהיים אין סמאַרגאָן אויף יום־טוב האָט ער מיטגעבראַכט רעוואָלוציאָנערע לידער און אונדז געלערנט זיי זינגען. ער איז געקומען אין באַריר מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין מענא און ער האָט געמוזט מאַכן פּליטה. ער קומט קיין סמאַרגאָן און מאַכט דורך מיט אונדז אין 1915 דעם ייסורים וואָנדער־וועג סמאַרגאָן־מאָלאָדעטשנע, מינסק־כאַרקאָוו און דערנאָך ראָסטאָוו אויפן דאָן. ער הויבט אָן אַרבעטן ווי אַ בוכהאַלטער לשם פּרנסה, און טרעט אַריין צו בילדן זיך אין קאָמערציעלן אינסטיטוט. אָבער די געשעענישן פון יענע יאָרן, רעוואָלוציע, בירגער־קריג צווינגען אים פאַרלאָזן דעם אינסטיטוט. ער קאָן זיך נישט דערלויבן ממשיך זיין זיין בילדונג. ער שפּאַנט זיך איין אין יאָך פון דער משפּחה. ער העלפט דעם פאָטער מפרנס זיין דאָס הויזגעזינט.

די צייטן זענען אומרואיקע. אין ראָסטאָוו דערוואַרט מען פּאָגראָמען, אָרגאַניזירט פון די ווייסע גוואַרדייער. ער אברהם טרעט אַריין אין זעלבסט־שוץ. ער קומט אַהיים, ברענגט אַ רעוואָלווער און לערנט מיך ווי זיך צו באַנוצן מיט אים אין פאַל פון אַ פּאָגראָם.

די מאַכט אין יענע צייטן האָט געהאַלטן אין איין בייטן זיך אין אוקראַינע. יידן האָבן געלעבט אין הוילער שרעק. אין 1921 זענען פאָטער און מוטער געשטאָרבן און די אחריות פאַר דעם אויפהאַלט פון דער פאַמיליע פאַלט אינגאַנצן אויף אברהמען.

אין 1922 נוצן מיר אויס די געהעגנהייט, דאָס רעכט צו עמיגרירן צו קרובים קיין אַמעריקע. מיר קומען אָן אין ניו־יאָרק אין 1923.

דער פּראָצעס פון צופּאַסן זיך צו אַ נייעם שטייגער לעבן פאַלט שווער. אונדזערע קרובים, צו וועמען מיר זענען געקומען, זענען ווייט פון צו זיין גבירים, אָבער אברהם גיט זיך אַן עצה. ער ווערט אַ געשעפטסמאַן. אין 1925 האָט ער חתונה.

עס ברעכט אויס דער צווייטער וועלט־קריג. דער אייראָפּעאישער יידנטום שטייט אין געפאַר פון גאַנצלעכן אומקום.

אברהם וואַרפט זיך אַריין מיט זיין גאַנצער ענערגיע אין רעליף אַרבעט פאַר די סמאַרגאָנער לאַנדסלייט וואָס האָבן זיך געראַטעוועט על פי נס פון אומקום.

ער איז שוואַך און קראַנק. ער מוז אָבער פאַרווירקלעכן זיין טרוים און שטילן זיין בענקשאַפט נאָך אונדזער היימלאַנד ישראל, אויב ניט זיך איינגאַנצן באַזעצן אין לאַנד איז אמווייניקסטנס אָנקוקן דאָס לאַנד, עס באַזוכן און אָנזעטיקן די אויגן.

אין 1954 קומט ער אין ישראל מיט זיין פרוי סימע און זיין שוועסטער די רביצין אסתר וואַרשאַווסקי, אויף אַ באַזוך. דעם צווייטן טאָג פסח ווערט ער פאַרביי און שטאַרבט פּלוצלונג.

ער האָט פאַרפאַסט דריי ווערק: „בר כוכבא" איז דערשינען אין ניו־יאָרק 1941. עס איז אַ הסטאָרישער ראָמאַן. אָט וואָס ער שרייבט אין דער הקדמה צום בוך:

„דער בר־כוכבא אויפשטאַנד, וואָס האָט אויסגעבראָכן אין יאָר 132 (נייע צייט־רעכענונג) איז פון דער גרויסער נאַציאָנאַלער באַפרייאונגס־מלחמה פון די קנאים (זעלאָטן) געווען אָפּגערוקט בלויז מיט זעכציק יאָר. דער גייסט פון די זעלאָטן, זייער אידעאַליזם, זייער מוט און העלדישקייט און זייער גרייטקייט צו קעמפן ביז דעם לעצטן, האָט זיכער געפונען אַן אָפּקלאַנג — און ווידערקלאַנג — אין די רייען פון די בר־כוכבא גבורים. דעריבער ווערן דאָ, אין דעם בוך, די בר־כוכבא קריגער טיילווייז אויך באַצייכנט מיט דעם נאָמען „זעלאָטן", כאָטש די פירנדיקע, קעמפערישע קנאים־פּאַרטיי האָט זיך פאַקטיש אויפגעלייזט — אין בלוט און פייער — אין דעם חורבן פון 70־טן יאָר. דער בר־כוכבא אויפשטאַנד ווערט דאָ אויפגענומען ווי אַ המשך, און דער באַגריף „זעלאָטן", ווי אַ סימבאָל און צייכן פון דעם היסטאָריש־דויערנדיקן און מערקווירדיקן יידישן קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג.

דאָס בוך אַנטהאַלט 256 זייטן.

אין 1947 דערשיינט זיין ווערק „אין רויטן גלי" (אַ ראָמאַן אין דריי טיילן). מיר וועלן ברענגען אַ פראַגמענט פון זיין פאָרוואָרט צום בוך:

„די גרעסטע פּאַסירונג אין אונדזער צייט איז די גרויסע אָקטאָבער־רעוואָלוציע. אירע ווייט־גייענדיקע צילן, איר פאַרנעם און דער אופן ווי אַזוי זי

ווירקט אויף אונדז, זענען פון געוואַלטיקער וויכטיקייט פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

איך בין געווען אין רוסלאַנד אין יענע שיקזאַלפולע טעג און ערשטע יאָרן פון דער רוסישער רעוואָלוציע. איך האָב געלעבט מיט איר אָטעם. די בילדער, געשטאַלטן און איבערלעבונגען פון יענע טעג האָבן געמאָנט, איך זאָל זיי פאַרצייכענען. איך האָב אָבער געפילט, אַז מיר זענען נאָך צו נאָענט צו די פּאַסירונגען, און אַז עס פעלט נאָך די דיסטאַנץ פון פערספּעקטיוו אָפּצושאַצן זיי. און דעריבער האָב איך זיך אָפּגעהאַלטן פון שרייבן וועגן דעם. אַזוי זענען אַוועק עטלעכע און צוואַנציק יאָר.

דער אויפקום און דער אויפשטייג פון פאַשיזם, און איבערהויפּט דער ראַשיקער גאַנג פון נאַציזם, וואָס האָט פאַרכאַפּט גרויסע טיילן פון אייראָפּע; זיך פאַרמאָסטן צו פאַרניכטן די אַלע אויפטואונגען פון דער רוסישער רעוואָלוציע; פאַרמאָסטן זיך אומצוברענגען אונדזער פאָלק און פאַרשקלאַפן די גאַנצע מענטשהייט, — האָט מיך געצוווּנגען צו ענדערן מיין שטעלונג...

איך האָב דערפילט, אַז עס איז וויכטיק צו ברענגען צום יידישן לייענער



אָט־די געשטאַלטן און זייער אידייען־וועלט. און דאָס פּרוביר איך טאָן אין מיין באַשיידענער אַרבעט".

דאָס דריטע ווערק זיינס „צום ליכטיקן מאָרגן" איז זיין שוואַנען־געזאַנג

עס דערשיינט אין 1953 איין יאָר פֿאַר זיין פּריצייטיקן טויט. אין אָט־דעם ווערק קערט ער זיך אום אַהיים, מיט בענקשאַפֿט צום אייגענעם שטעטל סמאַרגאָן און צו היימישע טיפֿן און פֿערזאָנען. ער קומט צוריק צום יידישן איינגעוואָרצלטן שטייגער, צו חסידות און חסידישע מענטשן מיט זייער פֿריילעכקייט, מיט זייערע ניגונים פֿול מיט דביקות און כלות־הנפש און מיט זייערע רקידהלעך אין ברען פֿון קדושה און אהבת הבורא און אהבת ישראל: ער קערט זיך אום אייגנטלעך צו זיך אַליין.

זאָל לעבן און גרינען זיין אָנדענק.

# יצחק בראלי (אייזיק ברודני)

(1956 — 1888)

ביום ג׳ אייר ה׳ תשט״ז נפטר בתל־אביב יצחק בראלי, מנהל בנק הפועלים; מראשי חברת העובדים ומן המעצבים את דמותם של מוסדות הכלכלה והמשק של תנועת הפועלים הארצישראלית. שישים ושבע שנים לפני כן בא׳ במרחשוון ה׳ תרמ״ט הוא נולד, בשם אייזיק ברודני, בסמורגון, עירנו, לאביו מאיר ברודני ולאמו שיינה ברודני לבית ספיר.

בן למשפחה סמורגונאית. הרבה דורות — אבותיו, עשרה דורות, קבורים היו בסמורגון ובחוגי המשפחה ידעו לספר על כל אדם מהם. אבותיה של המשפחה הגיעו, כנראה, לליטא בימי גזירות חמלניצקי מן העיר ברודי (מכאן נגזר השם ברודני). בסוף המאה הי״ט ובראשית מאה זו היתה המשפחה קרויה בין יהודי סמורגון על שמו של אליהו־לייב (למשל, את אביו של אייזיק ברודני נהגו לכנות ר׳ מאיר אליהו־לייב׳ס) ולכן שונה שם המשפחה בישראל לבראלי, על שמו של אותו אבי־סב. במשפחה רבנית זו בלט סבו של אייזיק ברודני, שלמה מרדכי ברודני, יליד סמורגון ששימש שנים רבות רבה של סטיבץ (סטולבצי) ומורהו הראשון של זלמן שזר (רובשוב), נשיא ישראל השלישי. שלמה מרדכי ברודני הוא בעל ספר השאלות ותשובות „אוהל שם״.

לאחר לימודי־חדר בסמורגון וישיבה בסלובודקה נסע י. בראלי לארץ, סייר בה ולמד באוניברסיטה האמריקאית בביירות, כהכנה לחיים בארץ־ישראל. רק לאחר שנואש מרמת הלימודים בביירות עבר לברן, שווייץ, וסיים שם את חוק לימודיו האקדמאיים. בימי מלחמת העולם הראשונה, כשהרוסים הנסוגים שרפו את סמורגון — עברה המשפחה לחרקוב, שנה לאחר נישואיו של בראלי לד״ר חוה יהלם. רק ב־1921 עלה בידו לצאת מברית־המועצות לליטא. שהה שם כחמש שנים, בנה את המוסד הבנקאי הגדול של יהודי ליטא, „צנטרל בנק״, שהוא עמד בראשו. שם נולד לו בנו היחיד, מאיר.

ב־1926 הוא עלה לארץ. תחילה ניהל את „המשביר המרכזי״, שהוא קיבל על עצמו את הנהלתו בתקופת משבר קשה כש„סולל־בונה״ הראשון התמוטט וכל

המשק היה על עברי פי התהום. לאחר שהצליח לחלץ את המוסד המרכזי של הקואופרציה הצרכנית מן הסבך הועבר לניהול בנק הפועלים. תפקיד זה נעשה לתפקיד חייו, קרוב לשלושים שנה.

אם כי עד עלייתו לארץ עסק לא מעט בעניני ציבור — היה מבוני תנועת „צעירי ציון" ואחר כך צ. ס. (תחילה ברוסיה הסובייטית ואחר כך בליטא), מאז בואו לארץ הקדיש את כשרונותיו ומרצו לענייני משק בלבד וגם פעילותו הציבורית, במפא"י ובשמה, היתה קשורה — ישירות או בעקיפין — בעניינים כלכליים. הוא היה חבר הנהלה כמעט בכל המוסדות המשקיים החשובים של ההסתדרות והקדיש להם זמן, כשרון ומרץ בהתאם לנדרש בתקופות השונות. כן היה חבר הנהלה בכמה מן המוסדות הכלכליים העיקריים בארץ כגון: בנק לאומי לישראל.

ייחוד לעצמה בפעילותו הציבורית של יצחק בראלי תופסת „מגבית



ההתגייסות וההצלה" שהיה חבר נשיאותה כל השנים. במגבית זו הונח, בעצם, היסוד למיסוי עברי עצמאי בארץ, עוד לפני היות מדינה יהודית ריבונית. בשנותיו האחרונות היה חולה ובמאמץ נפשי רב המשיך בעבודתו על אף חולשתו

הגופנית והניח יסודות להתרחבות הרבה של בנק הפועלים, בשנות המדינה.

היה ציר לקונגרסים הציוניים מאז הקונגרס העשירי ועד סוף ימיו (פרט לשניים או שלושה קונגרסים שלא יכול היה לנסוע אליהם) והיה במרכז הפעילות הכספית של הקונגרסים, שבחלק מהם היה יו"ר הוועדה הכספית. שנים רבות היה גם יו"ר ועדת התקציב הקבועה של הסוכנות היהודית.

זכרו נשאר שמור בלב ידידיו ומכריו לא רק בזכות מעשיו והשגיו, אלא גם בזכות יושרו האישי, טוב לבו ונכונותו לסייע במלוא יכולתו לכל זקוק לעזרה ובזכות שפע החן, החכמה, ההומור וידיעת הפולקלור היהודי העממי ששפעו ממנו.

# דוד רזיאל

עצמותיו הועברו מעיראק לקפריסין והובאו לקבורה בבית הקברות היהודי במארגו ליד ניקוסיה ב־20.12.55

הועברו לקבר החייל בהר הרצל בירושלים ב־17.3.61

## מתולדותיו

נצר מגזע רבנים, גדולי־תורה ואדירי־אמונה, נולד דוד רזיאל, הי״ד, בעיר סמורגון, פלך וילנה ביום י״ח כסלו תרע״א (1910), לאביו ר׳ אברהם־מרדכי רוזנסון ולאמו בלומה.

מילדותו ינק בבית־הוריו את ההכרה הלאומית השורשית של דורות ראשו־נים: את האמונה העזה בגדלות העם הנבחר ואת הכאב על השפלת גאון עמנו בתנאי גלות מדכאה. מאבות־אבותינו שקוננו בלילות על חורבן בית־המקדש, ירש את הכמיהה הלוהטת לגאולה ואת תחושת־המרי בחיי הגלות, שכופפו את דמות היהודי.

בן שלוש היה כאשר עלה עם הוריו לארץ־ישראל, בקיץ שנת תרע״ד. אביו הוזמן מחו״ל לשמש מורה בבית־הספר „תחכמוני״ ביפו־ת״א. אחרי כחצי שנה, בעת הנגישות והגירושים של המשטר הצבאי התורכי במלחמת־העולם הראשונה, גורשה המשפחה יחד עם משפחות יהודיות אחרות, בגלל נתינותם הרוסית. דוד הילד נדד עם הוריו דרך מצרים לאוקראינה, רוסיה הפנימית, גרוזיה, מוסקבה וקובנה. שמונה שנים טולטל מארץ לארץ, מגולה לגולה, כשאת חינוכו מקבל הוא מאביו ומאמו. הירבה בלימודי־תורה ומראשית ילדותו השתלם בדיבור עברי. בגיל 8 כבר ידע כמעט את כל התנ״ך בעל־פה. בגיל 12 ידע בעל־פה את כל ששת סדרי־משנה.

בשנות הנדודים הרבה דוד לקרוא בספרות העברית החדשה. תוך קריאתו ולימוד התנ״ך התרשם מאד מהגבורה והתפארת של אבותינו בימי קדם. בנדודיו ראה את העם היהודי בשפל גלותו, ובזכרונו נשארו טבועים חדשי־הילדות בהם התגורר עם הוריו בארץ ישראל. הוא שאף לחזור ארצה ועז היה רצונו ללכת בדרכי גבורינו הקדמונים ולהלחם למען שחרור מולדתנו.

בגיל 12 חזר עם הוריו ארצה, אחרי שאביו הוזמן שנית לשמש כמורה בבית־הספר „תחכמוני״, ובחנוכה תרפ״ג, שמונה שנים אחרי גרושו מן הארץ, חזר אליה, עשיר בחוויות מימי נדודיו, ועשיר ברוח שינק מלימוד התנ״ך והספרות העברית.

דוד רזיאל סיים את לימודיו ב„תחכמוני״ ועמד בבחינת־בגרות ממשלתית. שנתיים ימים למד בישיבת „מרכז הרב״ של הגראי״ה קוק ז״ל ואחרי־כן נכנס

ללמוד במחלקה למדעי־הרוח של האוניברסיטה העברית. למד גם מתמטיקה ופילו־סופיה והצטיין במקצועות אלה.

בנשמתו של דוד רזיאל היתה מזיגה מופלאה של חכמות שם ויפת. חיבוריו מימי הילדות מצטיינים בניצני־אמנות שבישרו צמיחתו של כשרון גדול. הוא הרבה לכתוב על גבורי התנ״ך ומאותה תקופת־ילדות נשתמרו שני מחזות שכתב: „המר־גלים״ ו„קרח״, וכן מונוגרפיות מקיפות: „שאול״ ו„דוד״. יצירות אלו מימי הילדות הצטיינו בעדינותם האמנותיות וברוח־הקסם שהעידו על כמיהתו העזה של היוצר



הצעיר לגבורת־הקדמונים, שופטים ומלכים בישראל, גדולי האומה וקדושיה. לאחר מכן התרשם הילד מגבורת החשמונאים, גבורי מלחמות הבית־השני, בר־כוכבא ורבי עקיבא. רבי עקיבא היה בעיניו סמל, ברוחו, בתלמודו ובגבורתו והוא שאף ללכת בדרכיו, לאסוף חיל, לאמץ ידי לוחמים וללמד בני ישראל קשת.

## פעלו

„מאורעות״ הדמים בשנת תרפ״ט הבשילו בנפשו את ההכרה כי גאולת ישראל לא תבוא אם לא יהיו לוחמים למען הגאולה. טבח תלמידי הישיבה בחברון ללא התנגדות חולל בו את השאיפה העזה לקומם את כוח הנוער העברי. חלומותיו

ומימי הילדות לבשו עור ועצמות. הוא הצטרף לפלוגת המתנדבים שליד ועד הקהילה בירושלים ותפקידו הראשון היה ללוות למנוחות עולמים את עשרות בהורי הישיבה שנטבחו בחברון.

בעקבות „מאורעות" תרפ"ט פרשו חלק מחשובי המפקדים משורות ה„הגנה" והקימו את הארגון הצבאי הלאומי. דוד רזיאל הצטרף ל„פורשים" מיד עם ייסוד הארגון. מעתה הקדיש את כשרונותיו להשתלמות במקצועות הצבאיים, מפאת היעדר ספרות צבאית עברית, הלך אל המקורות הלועזיים ובשקידה רבה למד והשתלם עד שהפך לאחד מטובי המפקדים. לפקודתו נמסרה הדרכת הקורסים למפקדי הארגון הצבאי הלאומי, או כפי שהארגון כונה בימים ההם „הגנה ב'". למען קידום האימונים, ביסוס הידע המקצועי והפצתו בין החיילים, תרגם, ערך וחיבר ספרי־עזר מקצועיים. דוד רזיאל היה חלוץ ומורה־דרך בכתיבת ספרות במקצועות צבאיים וספריו היו מקור להשתלמות ולידע בימי הראשית של תקומת הכוח הצבאי העברי

„מאורעות" תרצ"ו הביאו מפנה גורלי בחייו של דוד רזיאל, מפנה שהשפיע השפעה מכרעת על תולדות עמנו. שוב פרצו מהומות־דמים בארץ־ישראל. החלו רציחות המוניות. רכוש יהודי רב נהרס. האויב הערבי ביקש לעצור בעד זרם העולים האדיר שגאה ועלה ארצה ממדינות אירופה המנואצת, אשר צל השואה כבר רחף עליה. מנהיגיו הרשמיים של הישוב הכריזו על „הבלגה", הטיפו לבלימת כוח־המחץ של הנוער העברי והרימו על נס את הצו „לא תרצח", גם כאשר האויב קם ורצח יום יום יהודים, גברים נשים וטף.

בתחילת ה„מאורעות" עוד הצטמצמה פעולת „הגנה ב'" בתפקידי שמירה בלבד, אולם עד מהרה הגיעו מפקדיו לידי מסקנה כי שיטת „ההבלגה" נטולה הצדקה מדינית, ובודאי נטולה הצדקה צבאית. היא הרבתה קרבנות יהודיים, ונתנה אמתלה בידי הבריטים להיענות לתביעות התוקפנים הערביים.

המנהיגים הרשמיים התנגדו לשנוי קו „ההבלגה", ומשהחליטה „הגנה ב'" לפתוח באמצעי תגמול — פרש חלק מן המפקדים והצטרף ל„הגנה". בארגון הצבאי הלאומי נשארו ה ל ו ח מ י ם.

עד מהרה נתגלה דוד רזיאל כמפקד נערץ, ומצביא הארגון זאב ז'בוטינסקי ז"ל הטיל עליו את הפיקוד הראשי. בכושר עבודתו, באמנותו למטרה ובנכונותו לשמש דוגמה אישית להקרבה עצמית, רכש דוד רזיאל את אימון המפקדים והחיילים, מהם וותיקים ובוגרים ממנו.

הוא ארגן את השורות סביב דגל המלחמה ו ה ח ל ל פ ע ו ל. ביום י' כסלו תרצ"ח (14.11.37), הוא „י ו ם ה ש י ש י ה ש ח ו ר", ערך את ההתקפה המאורגנת הראשונה על כנופיות הערבים בירושלים. „ההבלגה" נשברה, למגינת לבם של ה־מנהיגים הרשמיים. החלה מלחמת הארגון הצבאי הלאומי, שלא נפסקה עוד כל ימי ה„מאורעות", אשר נמשכו עד שנת תרצ"ט וחדלו עם פרוץ מלחמת העולם השניה.

דוד רזיאל היה ראש המתכננים וראש המבצעים. הוא סיכן את עצמו לפני שסיכן חיי אחרים. הלם באויב והוכיח כי דם ישראל איננו הפקר. הוא העביר את המערכה אל שערי האויב, שישב לבטח בקני־המרצחים. אולם הוא לא הסתפק בכך, וברוחו חזה הקמת צבא עברי אשר בבוא שעת־הכושר יסתער וישחרר את המולדת. את כל כוחו וכשרונו הקדיש למטרה זו וימים ולילות עשה בלימוד ספרי טקטיקה ואיסטראטגיה, על־מנת להכשיר את דור־הלוחמים לקראת יעודו.

בתקופה זו הרבה רזיאל לחבר חוברות וספרים במקצועות צבאים ואת אשר למד ממקורות לועזיים — העביר לכלים עבריים. בין יצירותיו שחיבר בעצם ימי מלחמת המחתרת היו: „האקדח", שחיבר ביחד עם חברו אברהם שטרן („יאיר") הי"ד, „תורת ההדרכה", „תרגילי הסדר המכונס והמפוזר" וכן „הערות לקלאוזביץ", „על המשמעת", „כללים למתן פקודות ומילוין" ו„רוח הקיבוץ".



פעולתו נתרחבה והגיעה אל מרכזי הנוער העברי בתפוצות הגולה. בפולין, בליטה ובמדינות אחרות קמו תאי־מחתרת של הארגון הצבאי הלאומי, מוכנים לשמש חיל־מלואים לצבא ישראל המשחרר.

וחיל־המילואים פרץ ועלה. ה ח ל ה  פ ר ש ת  ה ה ע פ ל ה. המנהיגים הרשמיים הטיפו נגד העליה „הבלתי חוקית". הם ביקשו לשמור על עליה „סלקטיבית", על־פי סרטיפיקאטים של שלטונות המנדט. אולם באירופה כבר רחפה סכנת ההשמדה. ז'בוטינסקי השמיע את קריאתו לחיסול הגולה, וחיילי הארגון הצבאי הלאומי בכל אתר החלו לחתור לחופי הארץ. עם חיילי אצ"ל עלו המונים יהודים אחרים, ביניהם גם יריבים. היתה זו „עליה חפשית" ולכל יהודי ניתנה הזכות להציל את נפשו ולצאת מאירופה, בדרכי ההעפלה והמחתרת, בפיקודו של דוד רזיאל. אלפים־אלפים יהודים הנמצאים כיום חיים ושלמים במדינת ישראל ניצלו מגיא־ההריגה תודות למפעל ההעפלה.

בנתיב הצר של המחתרת הצליח דוד רזיאל לצאת לחוץ־לארץ ולהפגש פנים אל פנים עם זאב ז'בוטינסקי. באותה פגישה היסטורית הביע מצביא אצ"ל את הערצתו ל„איש הברזל" דוד רזיאל: „אדוני, אני מחכה לו זה חמש עשרה שנה" אמר לו והעניק לו מלוא הערצתו ואמונו. דוד רזיאל נשא את התואר הגבוה ביותר באצ"ל, „אלוף בן־ענת", והוא היחיד שנשא את התואר „אלוף".

בתקופה זו הרחיב אצ"ל את פעולותיו ועבר לשורת התקפות נגד השלטונות הבריטיים, שנכנעו לטירור הערבי ופרסמו את גזירות „הספר הלבן" נגד הישוב העברי. מעתה הציב לעצמו אצ"ל מטרה להוכיח כי הכניעה לערבים לא תחזיר את השקט לארץ וכי הנוער העברי יילחם בכל כוחו נגד מזימות־החנק שנכללו ב„ספר הלבן".



עם פרוץ מלחמת העולם השניה הכריז אצ"ל על הפוגה במערכה נגד הברי־

טים. לאנושות כולה קם אויב משותף, החיה ההיטלריסטית, ופיקוד אצ"ל בא ברוב דעות לידי החלטה כי נוכח סכנת ההשמדה הפיסית שהיתה צפויה לעם ישראל מידי היטלר, חייב הארגון להכריז על הפוגה.

בהתערבותו של פנחס רוטנברג ז"ל שוחרר רזיאל מכלאו זמן קצר אחרי פרוץ המלחמה, ואחריו שוחררו יתר חברי אצ"ל שהיו כלואים, ביניהם אברהם שטרן (יאיר), הי"ד. אז חל הפילוג במחנה הארגון, שעה שקבוצת מפקדים בראשותו של „יאיר" יסדה את „הארגון הצבאי הלאומי בישראל", שנקרא לאחר מכן בשם „לוחמי חרות ישראל". זמן מה אחרי שחרורו מהכלא נשא דוד רזיאל לאשה את שושנה לבית שפיצר, ממפקדות אצ"ל.

## השליחות האחרונה

האויב הגרמני איים בכיבוש המזרח התיכון. צבאות רומל התקדמו מעבר ערבות אפריקה לארץ־ישראל, ובמדינות ערב קמה תסיסה נגד בריטניה, במגמה לסייע לצבאות האויב המתקדמים. בעירק פרץ „המרד" של ראשיד עלי, בסיוע גרמניה ובהשראתו של האג' אמין אל חוסייני, „מופתי ירושלים", אשר היה אחראי למעשי־הרצח שביצעו הערבים בקרב הישוב היהודי בארץ.

נצחונו של ראשיד־עלי, ומרעו „המופתי" עלול היה להביא את צבאות האויב ואת האויריה שלו למבואות ארץ־ישראל, שגורלה היה נחרץ באשר לישוב היהודי היו כוחות מועטים להתגונן. חרב ההשמדה הונפה בכל אימתה מעל הישוב היהודי.

בימים הגורליים ההם ראה דוד רזיאל לפני אצ"ל שלוש מטרות עיקריות:

* להופיע כשותף לצד בנות הברית במערכה נגד הנאצים.
* למנוע את סכנת הפיכתה של עירק לבסיס גרמני.
* לחסל את „המופתי הירושלמי", שבעצם קיומו היווה סכנה לעם היהודי.

כשפנו אל דוד רזיאל בהצעה לסייע במישרין לבנות־הברית, על־ידי חדירה מאחורי הקווים של ראשיד־עלי, לא היסס וקיבל את התפקיד. בניגוד לדעת חבריו החליט לצאת בעצמו אל קוו האש, בראש קבוצה קטנה של צעירים נועזים העשויים לבלי חת.

הם יצאו ומילאו אחד התפקידים החשובים ביותר להכנעת „המורדים" ובכיבוש בגדד. הוא בעצמו תכנן את הגנתו של שדה־התעופה בחבנייה ואופייני הדבר שעצותיו נתקבלו כהוראות ממש. הכל הרגישו כי עומד לפניהם איש השולט בחוקי הטקטיקה הצבאית.

חברי קבוצתו חדרו בהתחפשות לתוך עיר־הבירה הנצורה שמסביבה עמדו בנות־הברית, עמדו ולא נעו מפחד הכוחות העיקריים והגרמנים שנמצאו כביכול בין חומות העיר. השהיה זו עלולה היתה להכריע את גורל המערכה, באשר יתרון הכוח היה בידי „המורדים" ורק במלחמת־בזק אפשר היה להכניעם. לשם כך דרושה היתה אינפורמציה על הנעשה בתוך העיר הנצורה. קבוצת אנשי אצ"ל הם שהביאו את האינפורמציה והצילו את המצב. תוך סכנת נפשות חדרו אל מעבר לקווי האויב,

ביצעו מעשי־חבלה וקבעו כי הצבא העיקרי נמצא במנוסה מבוהלת ואין כלל הגנה על בגדד. גילוי זה הפתיע את הפיקוד הבריטי, והם החליטו לכבוש את בגדד.

המאמצים להתנקש בחיי „המופתי הירושלמי" לא נשאו פרי, ועם כשלון „המרידה" בעירק נמלט „המופתי" לגרמניה, שם שיתף פעולה עם הצורר הנאצי בחיסול יהדות אירופה.

* * *

ביום כ"ג אייר תש"ג יצא דוד רזיאל לסיורו בקווים הקדמים. קבוצתו הותקפה על־ידי האויריה הגרמנית והוא נפל שדוד, הרחק מאדמת המולדת. הובא לקבורה בבית־העלמין הצבאי בעירק, בשם „בן־משה".

עם קום המדינה נעשו מאמצים להעביר את עצמותיו למולדת. תחילה הישגה הסכמה להעבירו לקפריסין, ועם שחרורה של קפריס־ין נאותה ממשלתה להעביר לישראל המשוחררת את עצמותיו של לוחם החופש הגדול, דוד רזיאל.

## מסע הלויה של דוד רזיאל יצא להר הרצל

מסע הלוויה של דוד רזיאל, הי"ד, המפקד הראשי של אצ"ל שנפל בעיראק לפני כעשרים שנה, וארונו הובא אתמול לישראל מקפריסין, יצא הבוקר מת"א בדרכו להר־הרצל בירושלים, בליווי שיירה ארוכה של מכוניות ובהן אלפי אנשי אצ"ל מכל הארץ, משלחות בית"רים, אישי ציבור וקהל רב ומגוון".

נשיא המדינה, מר י. בן־צבי, הטיל על שלישו הצבאי, רב־סרן ד. הרמון, לייצגו היום בהלוייתו של דוד רזיאל.

יו"ר הכנסת, מר ק. לוז, עבר הבוקר ב־8.45 על פני ארונו של דוד רזיאל ז"ל באולם הישיבות של מצודת זאב בת"א. יו"ר הכנסת נתעכב דקות אחדות ליד הארון.

מיד אחריו הגיעו הח"כים ארגוב, יו"ר ועדת החוץ והבטחון וע. גוברין, יו"ר סיעת מפא"י בכנסת והנהלת הקואליציה.

בשעות הלילה שהו חבריו הקרובים של דוד רזיאל ליד ארונו ב„מצודת־זאב", במשמרות מתחלפים. הם העלו זכרונות מתקופת המחתרת ואמרו דברי תפילה.

המפקדים הבכירים של אצ"ל וחברי מפקדתו קיימו ישיבת־פקידה־ואבל ליד הארון.

בשעה 9.30 הוצא הארון, עטוף דגל הלאום, לרחבה שליד המצודה.

ח"כ י. מרידור, שהיה סגנו של רזיאל, אמר דברי הספד נרגשים. אחר כך הושם הארון בקומנדקאר ומסע־הלוויה יצא לדרכו, מלווה על־ידי גדודי אצ"ל ומשלחות רבות מהארץ ומהגולה.

שישה מוותיקי אצ"ל, כשנשקם מדוגל, שימשו משמר־הכבוד בתוך הקומנדקאר.

בין המלווים בלטה פלוגת אחיות של קופת־חולים־לאומית במדיה הלבנים.

סמוך לשעה 10.30 הגיע הארון לבית־הכנסת הגדול בת״א, שם נאמרה תפילת אל מלא רחמים על־ידי החזן הראשי. לא הושמעו כל דברי הספד.

מבית־הכנסת נע מסע ההלוויה לרחוב העלייה ושם המתינו המכוניות, שיסיעו את המלווים לירושלים.

„שבת למולדת, מפקדנו...״ עצמותיו של דוד רזיאל, הי״ד, באו אל המנוחה ואל הנחלה, אחרי עשרים שנה.

במרחק של כמה עשרות פסיעות מקברו של חוזה־המדינה, נכרה קברו של אחד מבחירי הלוחמים על עצמאותה. בקרבת מקום לקברותיהם של רבים מחללי צבא־ישראל, הוטמן האיש שנשא בלבו את חזון הצבא העברי.

חיילי צה״ל ירו שלוש אלומות־אש לזכרו. דוד רזיאל הובא לקבר בפעם השלישית. בפעם האחרונה.

באו ללוותו בדרכו האחרונה כל אלה שהכירוהו, שלחמו עמו — וגם שניצבו פעם כנגדו. היו שם אנשי מפקדתו מלפני שתי עשרות שנים ומעלה. הם צעדו זקופי־קומה, בקצב אחיד וכבד. רבים — רקותיהם הכסיפו מאז. אחרים — לא זכו להגיע למעמד. מעל קברותיהם של הרוגי־המלכות הובאו לקברו של רזיאל שקיקי־עפר כחולים.

היו שם בני־תשחורת, בני הדור שלא ידע את דוד ואת פעליו. צעירים, ששמעו על רזיאל מפי הכתוב או מפי הוריהם.

הלכו אחרי ארונו לאורכה של ירושלים נכבדי העדה, אבות־העיר, רבנים, שופטים עם נשיא ביה״מ העליון בראשם, שלישו של הנשיא, מזכירו של ראש הממשלה ואנשי־צבא. צעדו בסך אברכי־ישיבות ואנשים של יום־יום, שסגרו עסקיהם, נעלו משרדיהם ובאו לחלוק כבוד אחרון לאלוף בן־ענת.

לא נעדר מביניהם הישיש, ר׳ אריה לוין רבם של אסירי המחתרת.

נאמניו ניצבו שם על דגליהם: אנשי המפקדה, שמכל קצות הארץ באו וחבשו כומתות שחורות; אנשי חרות ובית״ר במדי־תכלת, על דגליהם; אחיות קופת־החולים הלאומית בחלוקיהן הצחורים; ואחריהם — אלפים. חלקם — חייליה האלמוניים של המחתרת לשעבר. אחרים — שהרגישו צורך נפשי ללוות בדרכו האחרונה את אחד מראשוני החיילים האלה.

רחוב יפו, רחובה הראשי של ירושלים, שינה את פניו אתמול אחר הצהרים. במקום תנועה שוקקת, ניצבו לאורכו אלפים מתושבי העיר. כשרבים אחרים מלאו את הגזוזטראות מעליו. לעיניהם נתגלה מיצעד־אבל ארוך. בראשו — הארון, עטוף בדגל ישראל, אחריו — בני משפחת המנוח: וכגוש אחד צועדים אחריהם דוממים קומץ מפקדים־לשעבר, אסירי מזרע ולאטרון, ירושלים, סודאן ואריטריאה, קומץ, שהאמין בדרכו של דוד רזיאל.

דוד רזיאל — שליח־מצווה היה. כך אמר עליו הרב יצחק נסים, ליד קברו. שליח־מצווה, שנתן נפשו עליה. דוד רזיאל — הרים כבוד עמו והיה ממחדשי מסורת־הגבורה של עם ישראל.

אלפים הקיפו את הקבר. הרוח הקרה נשאה את העננים מזרחה. קרני שמש אחרונות ליטפו את פסגת הר־הרצל.

— אש! — פקד קצין־צבא צעיר לעבר כיתות־חייליו. והד יריות הרובים הלך מקצה ההר ועד קצהו. פעם ופעמיים ושלוש.

זרי־ירק נערמו על הקבר. עצמותיו של דוד רזיאל שבו אל העם.

אבא גורדין

# פרקי זכרונות

נולדתי בעיירה מיכאלישיק. זו היתה לידתי הראשונה, הגופנית. אולם נולדתי בשנייה בסמורגון. זו היתה לידתי הספרותית. בסמורגון התחלתי מושך בשבט סופרים ועיר זו, סמורגון, יקרה לי משום שבה עמדה עריסתי. ערש היצירה.

## א׳.

## עזבנו את אוסטרוב

העיר נתמלאה שמועות. ריננו אחר בני הרב החוטאים ומחטיאים את בני הנוער, מעבירים אותם על דת קונם, מוציאים אותם לתרבות רעה זו של ה„עבריה״, שמים עליהם את המחלה הממארת של הציונות. רחמנא ליצלן.

מיהו מאידך גיסא, לא היה במה למנות את בני הרב. קופה של שרצי-הפקרות אי אפשר היה לתלות מאחוריהם. לבושים היו בקפוטות ארוכות כשרות למהדרין, חבשו כובעים יודאיים, גידלו פאות מסולסלות כ„דת משה וישראל״. לא זילזלו אף במינהג קל שבקלים. הסימן המובהק ליציאה לתרבות רעה היתה קלות-דעת ביחס אל בחורות. בני הרב היו חפים מפשעים שכאלה. ברית כרתו לעיניהם ומה יתבוננו על בתולה... אבא, האמצעי שבבני הרב, היה כל כך מסור, בכל נפשו ובכל חושיו לעברית וציונות עד שלא נותרו לו לא פנאי ולא אונקייה של מרץ להקדיש לשום דבר אחר. לגבי אבא וזאב כאילו לא התקיים כלל המין היפה הזה בעולם.

לכן, מכיוון שפריקת עול שמים, לפי השגותיהם של חסידי אוסטרוב, היתה קשורה ללא התרה עם „פריצות״, התעסקות והתעניינות בבחורות, ובחטא זה אי אפשר היה לפלל אותם, נמצאו בין החסידים גם כאלה שהגינו על בני הרב ועל טהרת שמם ולא נתנוהו לשימצה.

בין הסניגורים נמנה ר׳ בן-ציון. ראש חסידי גור, תלמיד וותיק של מייסד השושלת הגורית, ר׳ יצחק מאיר רוטנברג-אלטיר, שהיה תלמידו וגיסו של ר׳ מינדלי מקוצק.

בשטיבל הגוראית שמשם יצא הקיטרוג נגד בני הרב קם ר׳ בן-ציון על רגליו והצהיר בקול רם מלא רוגז: מי שיעיז להוציא מילת-זילזול אחת נגד בני הרב אסטור את לחייו.

הרינון אחריהם היה בעיניו הוצאת דיבת שווא.

מרת חנה גיטל, אשתו של ר׳ בן-ציון, באה בביקור אל הרבנית ותוך כדי שיחת ידידות גילתה את אזנה, שמדברים סרה בבלומה, בת הרב הבכירה, בודים עליה שהיא מלמדת את בנות בעלי-הבתים החשובים שבעיר עברית. היא, חנה גיטל, איננה מאמינה שבלומה, שהיא בת ישראל צנועה וכשרה, יראה את השם, תעשה מעשה שכזה אשר לא ייעשה.

ר׳ בן-ציון בא אל הרב בביקור רגיל, שוחח איתו בעיניינֵי דמתא, טייל איתו ארוכות וקצרות, התעמק בסוגיה מוקשה ב„טהרות"... ואחר כל זאת מסר, דרך אגב, על האירוע שבשטיבל. אבא שהיה באותו מעמד, השתומם לרוב תמימותו של ר׳ בן-ציון, אשר הביט לעינים, ולא הביט ללבב ובלי חקירה ודרישה מוקדמת שם את מלוא אימונו בבני ידידו, הרב.

ר׳ יהודה לייב הרב, הקשיב לדברי ר׳ בן-ציון, ואחז פלך שתיקה. אולם פניו לבשו קדרות. הוא ידע היטב שאין כאן הוצאת שם רע. דבריהם היו אמת לאמיתה.

התחיל הרב שת עצות בלבבו כיצד להקדים פני הרעה, איך להיחלץ מהמצב המשברי הזה. ברי לו שעליו לעזוב את העיר קודם שתסתער הסופה בגלל בניו וביתו שהוא מאורת צפעוני... היינו שנשמעת בין כתליו עברית מדוברת בהברה הספרדית.

חשב ולא אמר כלום, אלא קם ועשה. נסע, כביכול, לבקר את חותנו, ר׳ סנדר מנישטאנישיק, באמת כיוון להשיג משרת רבנות בליטא. הוא שם עינו בסמורגון, פלך ווילנא, שהיתה סמוכה לנישטאנישק.

וכך הווה. קיבל כתב רבנות מהקהילה הקדושה בסמורגון.

הרב, ר׳ יהודה לייב, שב מנסיעתו ובשורה בפיו: להתכונן לעזוב את אוסטרוב ולעבור לסמורגון.

הרבנית לא היתה מרוצה ביותר, בידעה, „כי אין כבוד לנביא בארץ מולדתו". וסמורגון היתה מעין עיר מולדתה. חששה שלא יכבדוה כראוי וכפי שהיא רגילה. אבל המצב לא סבל דחייה-שהייה. לא היתה ברירה מוכרחים היו לצאת את העיר אוסטרוב בחיפזון. גם הרב לא היה שבע רצון. מיהו בתנאים הקיימים היה בשינוי המקום יותר משינוי מזל. היתה בו מעין הצלה.

אבא וזאב והאחיות היו ב„הרקיע השביעי" מרוב אושר. הם ייצאו מאפילה לאור גדול. ייפטרו מההסידים היושבים בחשכה, ולא יהו יותר מוכרחים להיות „אנוסים". בסמורגון תהא להם האפשרות לנהל תעמולה עברית וציונית בפרהסיה ללא הפרעה וללא תרעומות.

## ב
## לחירות ואכזבה

הרב והרבנית, הבנות ובן זקונים נסעו ראשונים. אבא וזאב היו האחרונים והם נסעו לבדם.

„באמת תדרוכנה רגליך על אדמת־ציון ובאמת תחזינה עיניך בשיבת עמנו לארצו״.

לא עברו ימים רבים ו„חדרו המתוקן״ של שיניוק ז״ל קבל „תוספת־כח״ עלמה עבריה בוגרת ביה״ס הציוני „יהודיה״ בוילנה, שהוסמכה להוראה באה לסמורגון, נישאה למורנו שיניוק ועזרה על ידו במלאכת התחיה.

אולי מורה זו מ„יהודיה״ של וילנה, היתה הגורם להעמקת שאיפתי ללכת בדרכה ולהיות מורה. מחשבה זו לא נתנה לי מנוחה וחיפשתי דרכים איך להוציאה מן הכוח אל הפועל. המצב החמרי של הורי היה דחוק, בבית היו ילדים רבים. אחיותי הגיעו לפרקן. מאין יבוא ישעי? אין זאת ותפילתי ובכיי במסתרים נתקבלו במרומים. רוח והצלה עמדו לי ממקום שלא פיללתי;

בימים ההם ישב בסמורגון, הד״ר אפשטין ז״ל. יהודי יקר וציוני נלהב. אם־כי רופא לתחלואי עמו היה, במשמע, חליי־גוף, לא מנע עצמו מלעסוק במתן רפואות לחליי הרוח והנפש של עמנו. בביתו היו מתאספים ציוני העיר למסיבות חג או נשפי־קריאה מהספרות העברית החדשה. ומאחר שנחנתי בקול יפה וקראתי שירים ברגש נכון הוזמנתי לאחת המסיבות הללו לקרוא לפני הנאספים את שירו של ח.נ. ביאליק, „אגרת קטנה״. נראה שהצלחתי בדקלום השיר שכן מיד לאחר קריאתו הזמינני הד״ר אפשטיין, שוחח אתי ארוכות, שאל למשאת־נפשי, תהה על קנקני והחליט מה שהחליט.

למחרת בא הד״ר אפשטיין אצל אבי, ישב עמו ארוכות ושידל אותו לשלוח אותי לורשה לבית־מדרש של גננות. על ורשה לא אבה אבי לשמוע. פשטו שמועות: בורשה „חוטפים נערות״ לשלחן מעבר־לים... אבל ל„יהודיה״ בוילנה — לשם לשלוח אותי, נענה אבי לד״ר אפשטיין. וכך הגעתי ל„ירושלים דליטא״. בעיר ואם בישראל זו נפתחו לפני שערי התורה והדעת וחייתי את חיי ההתעוררות הלאומית והתרבותית של הדור ההוא. לימי הפגרה הייתי חוזרת לסמורגון. באחד מן הימים האלה — הצגנו בעיר זאת את „חנה ושבעת בניה״, כשמשה קולבק, הנודע לעתיד משתתף בהצגה הזאת. בכל התחנות הרבות של חיי, בכל הנדודים הארוכים על פני תבל רבה, בערבות רוסיה וסיביר, בארצות אירופה לוותה אותי שכינת עירתי סמורגון וכשאני בודקת עכשו, ארחות חיי, הנני מוצאת שהרבה מן החן והחמד של עירי, מן הטוב והנאצל כשוקעים בהרי

א. פארסייט

# פון דער ארבעטער באוועגונג

(לויט די עראינערונגען פוןביילע גינצבורג, גרשון (דער גאַרבער) פעלדמאַן ספעציעלע אויספאַרשונג פון א. י. גאָלדשמידט, ווילנע)

מיר גיבן דאָ איבער איניקע ציטאַטן פון גאָלדשמידטן:

„אין דעם טיטאַנישן קאַמף פון די אַרבעטער מאַסן קעגן דער צאַריסטישער רוסלאַנד, אין דעם קאַמף פאַר אַ בעסערע און גערעכטערע געזעלשאַפט, האָט סמאַרגאָן פאַרנומען אַ גאָר וויכטיקן אָרט באַזונדערס אין דער אידישער אַרבעטער באַוועגונג.

אין קאָנטראַסט צו די איבעריקע שטעט און שטעטלעך פון תחום־המושב וואו די אידישע אינדוסטריעס זיינען באַשטאַנען פון קליינע ווארשטאטן, די באַלעבאַטים „כאַלופניקעס" מיט קליינע צאָלן אַרבעטער, האָט אין סמארגאָן עקזיסטירט אַ אידישע בורזשואזיע און אַן אמת׳ער אידישער פאַבריק פראָלעטאַריאַט.

אויב באַ די כאַלופניקעס האָט דער קאַמף געטראָגן אַ פאַרקריפּעלטן כאַראַקטער, ווען „קבצנים האָבן געשטרייקט קעגן דלפנים", לויט דעם טרעפלעכן אויסדרוק פון א. ליעסין, האָט דער קאַמף אין סמאַרגאָן געטראָגן אַ ריינעם קלאַסנקאַמף כאַראַקטער.

קיין וואונדער ניט וואָס סמארגאָן איז געווען איינע פון די פעסטונגען פון דער אידישער אַרבעטר באַוועגונג.

אַלע נייע־אויפגעקומענע פאָליטישע פאַרטייען אויף דער אידישער גאַס האָבן געשטרעבט איינצונעמען די פעסטונג. דאָ אין סמארגאָן איז טאַקע געווען דאָס, וועגן וואָס עס האָבן גע׳חלומ׳ט און חלומען נאָך עד היום די ערלעכסטע אידישע סאָציאַליסטן — ברייטע אידישע ארבעטער מאַסן.

דער אידישער אַרבעטער עלעמענט אין סמארגאָן וואַקסט אין צאָל און אין כוח אינאיינעם מיט דעם וואוקס פון דער לעדער אינדוסטריע".

מיט 55 - 60 יאָר צוריק, איז סמארגאָן נאָך געווען אַ קליין שטעטעל.

באם אויסברוך פון דער וועלט מלחמה איז שוין סמארגאָן געווען אַ גרויסע שטאָט און איינער פון די גרעסטע צענטערן פון לעדער אינדוסטרי אין רוסלאַנד.

עס זיינען געווען אַסך סיבות, וואָס האָבן בייגעטראָגן צו דעם שנעלן טעמפּאָ מיט וועלכן סמארגאָן איז געוואָקסן און זיך אַנטוויקלט. מיר האָבן אָבער ניט קיין דאַטן וואָס זאָלן דאָס אונז דערציילן גענוי. וואָס מיר ווייסן איז, אזש שוין אין די אַלטע צייטן, האָט סמארגאָן זייענדיג אַ מיטעלפּונקט צווישן ווילנע און מינסק, געדינט אַלס אַ צענטער פאַר די אַרומיגע שטעטלעך און דערפער.

דער ברייטער וועג, באַזעצט מיט צוויי רייען בוימער, וואָס האָט זיך געצויגן אין אַ גלייכע ליניע צווישן ווילנע און מינסק, האָט דורכגעשניטן די גאַנצע לענג פון שטעטל מיט איין ברייטער גאַס. איין העלפט פון דער גאַס האָט זיך גערופן: ווילנער גאַס; די אַנדערע — מינסקער גאַס. ארויסגייענדיג פון שטעטל האָט זיך דער וועג געצויגן ווייטער צווישן רייען בוימער.

ווען אָט די בוימער זאָלן קענען רעדן, וואָלטן זיי דערציילט וועגן די נאַפּאָלעאָנישע חיילות וואָס האָבן זיך געצויגן צום מזרח אַנטקעגן די פּאַרהאַסטע מאָסקאַליעס סיי וועגן די זעלביקע חילות, וואָס זיינען דורך דעם וועג געלאָפן צוריק אַהיים און האָבן זיך אין סמאַרגאָן אָפּגעשטעלט. שוין דאַמאָלסט, אַ 125 יאָר צוריק איז סמארגאָן געווען אַ גרויסער דאָרף. פון דאַנעט האָט עס נאַפּאָלעאָן געמאַכט די פּליטה איינער אַליין, איבערלאָזנדיק זיין טויט-מידע אַרמיי אונטער די פירערשאַפט פון אַ גענעראַל.

אַן אָנדענק פון נאַפּאָלעאָן איז אונז סמארגאָנער פאַרבליבן. דאָס זיינען געווען די ברידער קברים פון די געפאַלענע סאָלדאַטן אין ליטשניקער וואַלד, וואָס בא אונז האָבן זיי געטראָגן דעם נאָמען „פראַנצוסקע בערג״.

די בוימער וואָלטן אונז אויך דערציילט, ווי עס האָט געצויגן אַהער די יידישע נויט ארויסגעזעצט פון די פּוילישע מאַיאָנטקעס. ווי, אין זוכעניש נאָך אַ שטיקל ברויט האבן זיי אויפגעבויט קליינע אינדוסטריעס צו באַפרידיגן די פרימיטיווע נויטן פון דער ארומיגער באַפעלקערונג.

איינע פון אָט די אינדוסטריעס איז געווען די פּראָדוקציע פון פוטראקעס — די אויסאַרבייטונג פון שעפּסענע פעלכלעך פאַר ווינטער פוטערלעך. פון אָט דער אינדוסטרי איז דערנאָך אַרויסגעוואָקסן די גאַרבעריי פון פעל בכלל און, נאָך דעם, די ווייטערדיגע אַנטוויקלונג: די וואלקעריי, שטעפּעריי און אַנדערע אָפּצווייגונגען פון לעדער אינדוסטרי.

די לעדער גאַרבערייען האָבן זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען מיט אַ יאָר 60 צוריק. דער ערשטער צו עפענען אַ גאַרבעריי פון אַ גרעסערן מאַסשטאַם איז געווען ראָטשטיין און ישראל שוטקעווער (דער נייער נגיד).

אין די ווייטערדיגע אַנטוויקלונג שפּילן אַ באַדייטנדע ראָלע די דייטשע

מייסטערס, וועלכע מען האָט אַראָפּגעבראַכט, און זייערע נייע מעטאָדן. דער־פון טאָקע טראָגט די לעדער דעם נאָמען „האַמבורגער לעדער“.

די באַדינגונגען אין די גאַרבערייען זיינען געווען שווערע. דער אַרבייטס־טאָג — 15 שטונדן. דאָנערשטאָג פלעגט מען אַרבעטן ביז 12, און אַריינגעקומען שבת־צו־נאַכט.

די אַרבעטער זיינען באַשטאַנען פון צוויי קאַטעגאָריעס: מייסטערס — די אַריסטאָקראַטן פון פאַך, און די איבעריקע אויף וועלכע מען האָט זיך ניט אומגעקוקט. כדי אויסצולערנען זיך דעם פאַך, האט מען געזוכט די געפעליגקייט פון די מייסטערס. פלעגט שוין יעדער אַרבעטער זוכן נושא־חן זיין בא זיי, פאַרבעטן זיי אין שענק און שטעלן בראַנפן און געבראָטענעס. אָבער כדי דאָס צו טאָן האָט מען געדאַרפט האָבן געלט. אזוי ווי די פאַרדינסטן זיינען ניט געווען גענוגענד, פלעגט מען שלעפּן אונטער די פאָלעס, ד.ה. פשוט גנב׳ענען.

פון דעם איז אויסגעוואַקסן אַן אַרבעטער עלעמענט, וואָס, הגם פיזיש איז ער געווען געזונט און מונטער, און אויסטרינקען און שלאָגן זיך האָט ער גאַנץ פיין געקענט, איז ער אָבער גייסטיג געווען גאָר רוי.

די ערשטע שפּראָצונגען פון אַ רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג באַמערקט מען שוין אין ענדע פון די 80־גער יאָרן. זיי זיינען פאַרזייט געוואָרן דורך די צוויי קולטור טרעגער רובאַנאָווא און איוואַן פראַנטשעוויטש סיניצקי.

אָט וואָס דערציילט אונז ביילע גינזבורג, מנשה דעם רב׳ס טאָכטער:

„אַננאַ מיכאַלאָוונאַ רובאַנאָוואַ אין געווען אַ העכסט געבילדעטע דאַמע. געשטאַמט האָט זי פון פריצים, נאָר זייענדיג אַן אָנהענגערין פון טאָלסטאָי׳ס לערע האָט זי געשטרעבט צו לעבן איינפאַך, גאָר ניט פריציש. ווען איר מאַן, רובאַנאָוו, איז געוואָרן אקצינזיק אין סמאָרגאָן, האָבן זיי זיך באַזעצט אין אַ קליינעם דערפעל נט ווייט פון שטאָט — אין פערעוועז. דאָרט האָט אַננאַ מיכאַילאָוונא געאַרבעט אויף די פעלדער צוזאַמען מיט די פּוירטעס, געגאַנגען אָנגעטאָן ווי זיי און געזוכט זיך צופּאַסן צו זיי. זי האָט אָבער דאָך קיין גרויסן אינטערעס אין זיי ניט געפונען. האָט זי גענומען זוכן באַקאַנטשאַפט מיט דער סמאָרגאָנער יוגענט. זי האָט געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטעק און האָט פאַרגעשלאָגן צו לייען ביכער. און אזוי האָט זי זיך באַקענט מיט אייניגע אידישע מיידלעך: מיט מיין שוועסטער, ליבע גינצבורג, סאַראַ מעטליצקאַיאַ, אָלגע בורשטיין און אַ פּאָר אַנדערע. אָט די מיידלעך זיינען שפּעטער געוואָרן די פּיאָנערן פון דער אַרבעטער באַוועגונג אין סמאָרגאָן. אויף זייער גורל איז אויסגעקומען פיל צו לידן, סיי פון זייערע עלטערן, וועלכע זיינען געווען זייער פאַנאַטיש, סיי פון דער אַרומיגער סביבה, סיי פון דער פּאָליציי.

איך בין געווען פון די שפּעטערדיגע, פון סיניצקי׳ס תלמידות.

איוואַן פראַנטשעוויטש סיניצקי איז געווען אַ סמאָרגאָנער „מיעשטשאַנין“.

זיין יוגנט האָט ער פאַרבראַכט אין די גרויסע רוסישע שטעט, וואו ער האָט געלערנט. ער איז געווען זייער גוט געבילדעט. ווען איך האב אים דערקענט, איז ער שוין געווען ווייט אין די דרייסיגער. ער האָט אויסגעזען יונג, שטאַרק און ענערגיש, אַ בלאָנדין מיט בלויע, גוטמוטיקע, שמייכלדיקע אויגן. אַ געוויסע צייט איז ער געווען אַן אַקציזניק און וועגן אים דערציילט מען אַ גלייכווערטלט, אַז יעדן מאָל ווען ער פלעגט דאַרפן גיין איבער די קראָמען, פלעגט ער שיקן אנזאָגן אַז מען זאָל זיין פאָרזיכטיק. ער האָט אָבער לאַנג נישט אָנגעהאַלטן דעם אַמט אַלס אקציזניק. ער האָט זיך גענומען צו ערד־אַרבעט.

אונטערן שטאָט האָט ער געהאַט אַ גרויסן גאָרטן, וואו ער האָט געזייט גרינסן, פאַרפלאַנצט פרוכט בוימער און אויך געהאַט בינשטאָקן. צווישן די בוימער, בייטן גרינסן און בינשטאָקן איז געשטאַנען אַ קליינע הייזעל, געבויט אויף דעם אייראָפּייאישן אופן.

ווען מיר האָבן גענומען גיין צו סיניצקי׳ן איז די הויז נאָך ניט געווען אינגאַנצן פאַרענדיגט. דער הויף איז געווען פאַרלייגט מיט ברעטער, ציגעל און ליים. און אָט דערמאָנט זיך מיר דער ערשטער אָוונט ווען מיר זיינען געקומען צו סיניצקי׳ן. דאָס איז געווען אַ פרייטאָג צו נאַכט, שפּעט אין אָסיען. עס איז שטאָק פינסטער, רעגענדיג, נאָר מיר, אַ גרופּע פון פינף קליינע מיידלעך, שפּאַנען צו סיניצקין. איך, דעבאָראַ שימשעלעוויטש, סאָניע שפּאַלטער, רעוועקאַ דאַני־שעווסקי און אידע הייליגמאַן.

עס איז פינסטער און מורא׳דיק. מען זעט ניט דעם וועג. מיר זיינען צעשראָקן, נאָר גיבן זיך ניט אונטער. מיר גייען ווייטער. אָט זעט מען שוין אַ פייערל — דאָס איז סיניצקעס הויז.

מיר גיבן אַ לויף אין הויף און אוי וויי! מיר זיינען אריינגעקראָכן אין אַ קופּע ליים און קענען ניט אַרויסקריכן. האָבן מיר גענומען שרייען. סיניצקי איז אַרויס מיט אַ לאַמטערנע און האָט אונז קוים ארויסגעפירט. מיר זיינען געווען זייער צעשראָקן, נאָר שנעל איז אונזער שרעק איבערגעגאַנגען אין אַ הילכיגן געלעכטער. מיר האָבן געלאַכט פון אַלעס — פון אונזער אריינקריכן אין די ליים, פון אונזער וואַשן די שיך און זיי טריקענען באַם אייוועלע און אַלץ האָט מיט אונז, דאכט זיך, מיטגעלאַכט. אפילו דער גרויסער טיש, דער לאָמפּ און די פּאָליצעס ביכער בא די ווענט. לאַנג האָט געקלונגען אונזער געלעכטער, אָנפילענדיג דעם פּוסטן צימער מיט לעבן און פרייד. סיניצקי האָט פאַר אונז עפּעס פּאָרגעלייענט. וואָס ער האָט פאַר אונז פארגעלייענט געדענק איך ניט. און צי מיר האָבן פאַרשטאַנען, צווייפל איך, ווייל מיר זיינען נאָך דאַמאָלסט געווען זייער שוואַך אין דער רוסישער שפּראַך. נאָר דאָס געדענק איך גוט, אַז ווען ער האט אונז מכבד געווען מיט אייגענע האָניג אָנגעשמירט אויף ברויט, האָבן מיר פון דעם שטאַרק הנאה געהאַט. אַ לאַנגע צייט זיינען מיר געגאַנגען

צו סיניצקין. פון אָנהויב איין מאָל אַ וואָך און דערנאָך צוויי מאָל. סיניצקי פלעגט פאַר אונז פאַרלעזען און געבן ביכער אהיים. דערנאָך פלעגט ער מיט אונז וועגן די ביכער דיסקוטירן. זיין צוועק איז געווען אונז צו אַנטוויקלען און ער האָט אונז געגעבן אַלץ, וואָס איז לויט זיין מיינונג געווען נוצלעך פאַר אונז און פאַרשטענדלעך.

ער האָט אונז אויך געלערנט זינגען. פלעגט מיט אונז זינגען לידער וואו די דאָליע פון רוסישן פויער ווערט ביטער באַוויינט.

ער האָט אונז געלערנט אַרבעטן אויפ׳ן גאָרטן, יעטן, זייען. ער האָט געזוכט אין אונז איינצופלאַנצן שטאָלץ, זעלבסטווירדע און ליבע צו מענטשן, צו אַרבעט און אַלעס וואָס איז שיין און גוט.

מיר האָבן זיך געפילט מיט אים זייער נאָענט און פלעגן אויסדערציילן אים אַלע אונזערע איבערלעבענישן. דורכגעמאַכט האָבן מיר דאַן זייער פיל. געדאַרפט אימער קעמפן מיט די אייגענע עלטערן, וועלכע האָבן געציטערט פאַר וועלטלעכע בילדונג. ווי אַ „נאַראָדניק״, איז ער געשטאַנען אָן אַ זייט פון דער אַרבעטער באַוועגונג. ער האָט זיך באַצויגן נעגאַטיוו צו איר. און כדי אָפּצושוואַכן זיין ווירקונג צווישן דער אינטעליגענץ, האָט שמואל לעווין, דער הויפט אָנפירער פון דער באַוועגונג, אַראָפּגעבראַכט אין סמאַרגאָן פון מינסק זיין נאָענטן פרנייט, א. וואלט, דעם איצטיקן באַרימטן א. ליעסין, פאַר אַ דעבאַטע מיט סיניצקין. וואלט האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַ שאַרפן קאָפּ און אַ שטאַרקן דעבאַטאַנט. די דעבאַטע איז פאָרגעקומען ביי סיניצקין אין הויז אין דער אָנוועזנהייט פון 6—7 טוער פון דער באַוועגונג. וואלט איז אַרויסגעטראָטן צו פאַרטיידיקן דעם מאַרקסיסטישן שטאַנדפונקט. יעדערער איז געבליבן באַ דאָס זייניגע.

מיר וועלן ווייטער ציטירן גאָלדשמידטן:

„געווען אָבער נאָך אַ קוואַל פון גייסטיקער יניקה, לעווין פון מינסק. געלעבט האָט ער פון לערעריי. ער איז דאָס געווען דער יעניגער, וועלכער האָט אַריינגעטראָגן אין דעם קרייז פון סמאַרגאָנער אינטעליגענץ און ענטוזיאַסטן־פּאָלקיסטן די מאַרקסיסטישע טעאָריע. די גרופּע: ליבע גינצבורג, סאָראַ מעטליצקיא, עלקע בורשטיין און נאָך האָבן אויפגענומען דעם ענין קלאַסנקאַמף אויף זייער אידעאַליסטישן שטייגער. באַ זיי גיין אין פּאָלק האָט באַדייטעט קודם כל צו קריגן אַ צוטריט צו די אַרבעטנדיקע מאַסן.

אַלס דעם ערשטן שריט צו קומען אין באַרירונג מיט דער אַרבעטער יוגענט, האָבן זיי זיך אַרויסגערופן צו געבן אומזיסטע אוראָקן צו אַרבעטער אין רוסיש און אַריפמעטיק״.

און אָט וואָס עס זאָגט וועגן דעם איינר פון דער ערשטער גרופּע אַרבעטער, גרשון (דער גאַרבער) פעלדמאַן:

אונזערע ערשטע לערער און אויפקלערער, וואָס האָבן אונז אַרויסגעפירט פון דער פינסטערניש און געבראַכט אויפ'ן ליכטיגן שליאַך פון קאַמף פאַר סאָציאַליזם, האָבן אָרגאַניזירט אַ גרופּע, וואו מען פלעגט לערנען שרייבן און לייענען רוסיש. ווען דער קלאַנג וועגן דעם האָט זיך פאַרשפּרייט אין סמאַרגאָן רופט זיך אָפּ מיין מאַמע צו ליבע, מנשה דעם רב'ס (ליבע גינצבורג, שפּעטער אין אַמעריקע, ליבע וואַלט־ליעסין):

— ליבעניו, מען זאָגט אַז דו לערנסט מיט די יונגען רוסיש. איז דאָס אמת? אפשר וואָלסטו אויך מיין איינגל לערנען. רק ער זיצט און לייענט ביכלעך.

ליבע האָט געוואָרפן אַ צעטראָגענעם בליק אויף איר פאָטער, וואָס איז געזעסן אין אַ ווינקל און שטילערהייט אַריינגעקוקט אין אַ ספר. די רביצין האָט זיך געפּאָרעט ביים אויוון. זי איז רויט געוואָרן און געענטפערט:

— ניין. ווער האָט דאָס אייך דערציילט אַזעלכע זאַכן.

מיין מאַמע האָט זיך אפילו געוואונדערט, וואָס ליבע לייקנט. אָבער ניט — איז ניט. זי איז אַרויס און איז אַוועק איר וועג.

זי איז ניט אָפּגעגאַנגען קיין 15 טריט פון הויז, ווי זי האָט דערהערט הינטער זיך איילענדיקע טריט. ליבע האָט איר אָנגעיאָגט. ערשט איצט האָט ליבע זיך מיט איר צערעדט אָפּהאַרציק און געבעטן האַלטן פאַר אַ סוד. זי האָט אָנגעזאָגט מיין מאַמען, אַז אַ ד זאָל צוקומען צו ביילקע שימשעלעוויטש. דאָרטן האָב איך שוין געטראָפן אַ קרייזל. געווען יודקע, יודל קרעמער, וועלפקע מענקעס, בינקע שימשעלעוויטש און בײַמשע מיליקאָווסקי.

באַ אונז אַלעמען איז צו די לערער אונזערע געווען אַ הייליגער געפיל. עפּעס אַ קליינינקייט, וואָס זיי טוען פאַר אונדז אַז זיי זיינען ווירקלעך געווען מיט לייב און לעבן אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט צו דינען די מאַסן.

אָבער אַחוץ לערנען פלעגט מען אונז אויך אויפקלערן. דער גרעסער האָריזאָנט פון אונזער דענקען האָט זיך אויסגעברייט.

נאָר דאָ האָבן די עטלעכע פּראָפעסיאָנעלע לערער פון רוסיש אין סמאַרגאָן אויפגעהויבן אַ געשריי:

— די ניהיליסטן! די ניהיליסטן פירן אַראָפּ די יוגנט פון וועג.

געסטראַשעט צו מסר'ן פאַר דער „גאָטשאַלסטווע".

די אַרבעט האָט דאַן איבערגענומען שמואל ליקוין. ער האָט געפירט די אַרבעט מער קאָנספּיראַטיוו און זיך אויך פאַרגענומען צו אָרגאַניזירן אַ הילפסקאַסע. די באַציאונג פון אונז אַרבעטער צו דער הילפסקאַסע איז געווען אַ נעגאַטיווע. ווער? די פּיאַניצעס וועלן מאַכן אַ קאַסע? עס פעלט זיי מסתמא אויס געלט צו שכור'ן. עט! פאַרדרייט זיך אייער קאָפּ! ניין, מיר וועט איר ניט קריגן.

אָבער ווען לייבקע ציוויעס האָט מיר די זאַך אויפגעקלערט און גערופן גיין מיט אים צו לעווינען, בין איך פאַרט געגאַנגען.

אויסגעגלאַנצט די שטיוול, מיט'ן היטל אויף אַ זייט בײַ זײַן אומדערוואַרט אַרײַנגעפאַלן מיט לייבקען צו לעווינען.

מײַן אויסזען האָט געוויס ניט אַרויסגערופן קיין טרויער. אַז לעווין געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. פאַר אַ צײַט האָט זיך דער געשמערעך ניט געבונדן. לעווין איז געווען פאַרזיכטיג. זיך געבייזערט, וואָס מען איז צו אים אַרײַנגעפאַלן אומדערוואַרטעט, ווײַל ער איז דאָך פאַרנומען מיט אוראקן. נאָר אַז ער האָט זיך פאַנאַדערגעפרעגט און צערעדט זיך מיט מיר, האָט ער זיך באַרואיגט און מען האָט מיך אויך אַרײַנגענומען אין די צוויי גרופן: איינע — פון געזעלשאַפט דערקענטעניש, די צווייטע — פון נאַטור דערקענטעניש. אונזערע בײדע גרופן האָבן געציילט אַרום 20—30 מענשן און [illegible] אין 1895 האָט אונזער קרייזל געפייערט צום ערשטן מאָל דעם 1־טן מײַ. מיר האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין די טיפענישן פון ליטשניקער וואַלד. לעווין און נאָך איינציקע האָבן גערעדט. מען האָט געגעסן און געטרונקען און פאַר אָנדענק פון דעם גרויסן טאָג, האָבן מיר אויסגעשניטן אויף אַ בוים די נעמען פון די אָנטיילנעמער.

די אַרבעט פון אונזער קרייזל אונטער דער אָנפירערשאַפט פון לעווין, ליבע גינצבורג און סאַראַ מעטליצקי האָט זיך אויסגעצייכנט. אונזער געזעלשאַפט דערקענטעניש איז געגאַנגען טיפער. מיר האָבן אָנגעהויבן צו באַגרײַפן דעם קאַמף, וואָס עס שטייט אונז פאָר פאַר בעסערע באַדינגונגען און פאַר אַ גערעכטערע פאַרטיילונג פון די רייכטימער, וועלכע מיר אַליין באַשאַפן מיט אונזערע מאַזאָליסטע הענט. די הילף קאַסע האָט צוגעקראָגן נאָך נײַע מיטגלידער.

אָבער דעם אמת'ן כוח פון אונזער אָרגאַניזאַציע האָבן מיר ניט באַגריפן ביז וואַנעט עס איז אונז ניט אויסגעקומען איר אויסצופּרובירן אין לעבן. אַזאַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט. אונז איז געלונגען [illegible] אַ מיטגליד פון הילפס־קאַסע אונזער מייסטער — מיכאַש אוקנעוויטש. [illegible] קומט איינמאָל מיכאַש צו דער אַרבעט אַ מאָנטיק נאָך [illegible] פון נעכטיגן טרינקען.

ווערט אונזער האַלעבאַס אין כעס און שיקט אים אַוועק.

דאַן האָבן מיר, 4 מיטגלידער פון דער הילפס קאַסע פון אונזער פאַבריק, אַוועקגעלייגט די אַרבעט און אַוועק אין שענק.

מיר האָבן דערקלערט: אַ „סטאַטשקע", מיר גייען ניט צוריק צו דער אַרבעט, סײַדן מען וועט צוריק אָנשטעלן אונזער חבר, מיכאַש אוקנעוויטש.

פון אָנהויב האָבן די באַלעבאַטים ניט באַגריפן די גאַנצע זאַך. דער וואָרט „סטאַטשקא" איז געווען גאָר אַ נייער בײַ אונז אין סמאָרגאָן. און ניט די באַלעבאַטים און ניט די אַרבעטער און אַפילו ניט די פּאָליציי האָבן באַגריפן וואָס דאָס מיינט.

משה זלמן שוטקעווער'ן איז דאַווקע געפעלן געוואָרן, וואָס בײַ זײַן קאָנקורענט

סטרייקט מען; האָט ער צוגעשיקט צום שענק זיין מייסטער — האָפּמאַן — מיט אַ פּאָר קערבלעך. דער מייסטער האָט געשטעלט בראָנפן. די שמחה איז געוואָרן גרעסער. דערהערט, אַז מיר וועלן זיך ניט אומקערן צו דער אַרבעט און אַז אין שענק גיט מען בראָנפן, האָבן נאָך אַרבעטער, אין סימפּאַטיע מיט אונז, אָוועקגעלייגט די אַרבעט און צוגעשטאַנען צו אונז.

דאָן ערשט האָט זיך אונזער באַלעבאָס, די „שאָלעמקעס", געכאַפּט, אַז „סטאַטשקע" איז אַ געפערליכע זאַך און האָט נאָכגעגעבן.

אָבער פאַר אונז אַרבעטער האָט דער ערשטער דערפאָלג געהאַט אַן אויסערגעוועינלעכע באַדייטונג. צום ערשטן מאָל האָבן מיר דערפילט, אַז אויב מיר וועלן האָבן אחדות צווישן זיך, זענען מיר אַ גרויסער כוח. און אַז מען איז ניט הפקר באַם באַלעבאָס. יעדערער פון אונז האָט זיך דערפילט זיכערער.

פון דאַמאָלסט אָן קומען פאַר אָפטע ספּאָנטאַנע סטרייקס, דורך וועלכע די אַרבעטער האָבן געקראָגן לוין העכערונגען און אַנדערע בעסערע באַדינגונגען.

די באַוועגונג האָט זיך גשטאַרקט אין צעשפּרייט. איצט האָבן די אַרבעטער איינגעזען די ריכטיגקייט פון אונזער לאָזונג, אַן בלויז דורך קאַמף וועט דער אַרבעטער זיך ערוווערבן זיינע רעכטע. עס זענען צוגעקומען אַ סך נייע מיטגלידער און צווישן זיי אויך אייניקע ניט קיין געוווּנטשענע. מיר האָבן נאָך דאַמאָלסט ניט געוואוסט, אַז אין אונזערע רייען זענען פאַראַן צוויי פּראָוואָקאַטאָרס. דאָס זענען געווען גורסקי און סטראַשינסקי.

לעווין האָט פאַרלאָזן סמאַרגאָן אין 1896, אָבער די קערענדלעך, וואָס ער און די ערשטע גרופּע פּיאָנערן פון דער אַרבעטער באַוועגונג האָבן פאַרזייט, זענען גוט אויפגעגאַנגען. די זשאַנדאַרמעריע האָט שוין געוואוסט און איז געווען שטאַרק באַאומרואיגט פון אונזער וואוקס און געזוכט צו כאַפּן די אָרגאַניזאַטאָרס. איבערהויפּט האָבן זיי געצילט צו כאַפּן דעם בוך, וואו אַלע מיטגלידער זענען געווען פאַררעגיסטרירט.

דאָס איז געווען אין 1896. מיר האָבן דאַמאָלסט געהאַט אַ סטרייק. גורסקי, וואָס איז דאַמאָלסט געווען אין דער עקזעקוטיוו, און אַליקוס מאַלקעס, דער „קאַזנאַטשעי" פון דער הילפס קאַסע, האָבן געדאַרפט איבערקוקן די ביכער און מאַכן אַ צעטל. גורסקי האָט מיטגעטיילט דער פּאָליציי, אַז איצט האָט זי אַ מעגלעכקייט אַריינצופּאַקן דעם בוך מיט׳ן גאַנצן ליסט פון די מיטגלידער.

און אָט ווען יודקע קרעמער און גורסקי האָבן זיך פאַרקליבן הינטער באַטאַריינע גאַס אונטער אַ בוים, זענען אָנגעלאָפן זשאַנדאַרן און מען האָט זיי געפּאַקט מיט׳ן בוך.

אַ שרעק איז באַפאַלן אַלע מיטגלידער פון אונזער הילפס קאַסע. די באַוועגונג איז זיך פאַר אַ קורצע צייט צעפאַלן. מיר זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַרונטערגעלאָזטע קעפּ, ערוואַרטנדיג אַז היינט מאָרגן וועט מען אונז אַרעסטירן.

מיר זענען געוואָרן אָפּהענטיג. מען האָט דאַמאָלסט אַרעסטירט און פאַרשיקט יודל קרעמער, אליקום מאלקעס.

אָבער די אידעע פון אַרבעטער קאַמף איז ניט געשטאָרבן. אַנדערע זענען געקומען און האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דעם יונגען עלעמענט אין די וואלקאַרניעס. מינקע פון די קרקע, נחמה׳קע גינצבורג (יצחק דעם טאַבאַטשניק׳ס) און אַראָן שימשעלעוויטש האָבן געפירט אַ שטילע און טיפע אַרבעט. זיי האָבן געזוכט צו געבן די אַרבעטער אַ מער ברייטערן פּאָליטישן באַוואוסטיין. פלעגן זיי געבן אַסך ליטעראַטור און בכלל געזוכט צו אַנטוויקלען זיי גייסטיג. צווישן די גאַרבערס איז קיין ארבעט ניט געפירט געוואָרן. די אָנפירער האָבן געהאַלטן אַז בינקע שימשעלעוויטש און איך שטייען זיי אין וועג. מען האָט אונז פאַרגעלייגט מיר זאָלן פאַרלאָזן סמארגאָן.

אונז האָט די זאַך שטאַרק פאַרדראָסן: וואָס הייסט מיר שטייען אייך אין וועג? מיר ווילן אייך ארויסהעלפען מיט וואָס נאָר מיר קענען. זיינען מיר דאַמאָלסט אריין אין דער ארגאַניזאַציע.

איצט האָט זיך די אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע צעוואקסן. אין 1897 זיינען צו דער מאַי דעמאָנסטראַציע אין וואַלד געקומען ארום 400 מאַן און אין 1898 דעמאָנסטרירן מיר שוין אין גאַס.

די פּאָליציי, זייענדיג קליין אין צאָל, איז געווען אונמעכטיג די דעמאָנסטראַציע צו צעטרייבן און האָט געפאָדערט אַ סאָטניע קאָזאקן.

די אַרבעט פון אונזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך גענומען אויסשפרייטן צו די אַרומיגע שטעטלעך. סמארגאָן איז געוואָרן אַ צענטר.

אין 1901 רופן די וואלקערס ארויס אַ גענעראַל סטרייק פאַר בעסערע באַדינגונגען. מען האָט דאַמאָלסט געאַרבעט פון 5 אין דער פרי ביז 8 אין אָוונט. די אַרבעטער האָבן געפאָדערט אַ 12 שטונדיקן אַרבעטס טאָג. אַלע ווי איינער האָבן די אַרבעטער געוואָרפן די אַרבעט. דער סטרייק אין געווען אַ פאָלקאָמענער דערפאָלג און די פּאָליציי איז ייגעווען אונמעכטיג אים צו דערשטיקן.

דעם לעצטן טאָג סוכות 1901 איז קיין סמארגאָן אָנגעקומען אַ סאָטניע קאזאקן. באנאכט האָט מען געמאַכט אָבלאַוועס איבער׳ן גאַנצן שטאָט. מען האָט אַרעסטירט 30—40 מאַן און זיי אַוועקגעפירט אין ווילנע און פאַרשפּאַרט אין דער אַנטאָקאָלסקי טורמע.

אָבער די סמארגאָנער אַרבעטער האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן. זיי האָבן אויפגענומען דעם ארויסרוף פון דער פּאָליציי און ערקלערט אַ גענעראַל סטרייק. עס האָבן דאַמאָלסט געסטרייקט ניט נאָר די לעדער פאַבריקן, נאָר אומעטום, וואו עס האָבן זיך געפונען אַרבעטער.

דאַמאָלסט איז אַראָפּגעקומען קיין סמארגאָן דער ווילנער פאַבריטשנער

אינספעקטאָר. ער האָט פאַררופן אַ פאַרזאַמלונג פון די אַרבעטער אין וואָלאָסטנאָיע פּראַוולעניע די פאַרזאַמלונג איז געווען איינע פון די גרעסטע. דער צימער איז געווען איבערגעפּאַקט.

דער פאַבריטשנער אינספעקטאָר האָט אנערקענט אַז אונזער פאָדערונג פון אַ 12 שטונדיגן אַרבעטס טאָג איז אַ גערעכטע.

אָבער מיר אַרבעטער, פאַרביטערט פון די לעצטע ברוטאַליטעטן פון דער פּאָליציי, האָבן שוין באַ דעם ניט געקאָנט און ניט געוואָלט בלייבן. אויפגערעגט האָבן מיר געפאָדערט: באַפרייאונג פון די אַרעסטירטע, 12 שטונדיגן אַרבעטס טאָג, פרייהייט פון פרעס און פאַרזאַמלונגען און אַ גרינדונגס פאַרזאַמלונג.

דערהערט אַזעלכע דבורים, האָט דער פאבריטשנער אינספעקטאָר זיך אָפּגעזאָגט אונז אויסצוהערן ווייטער.

דאַן האָבן מיר אים געשמיסן אונזערע פאבריטשנע ביכלעך אין פּנים און פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג.

דער סטרייק האָט געדויערט פונ׳ם 12־טן ביז 27־טן אָקטאָבער. מען האָט אַרעסטירט אַלע אַקטיווע טוער פון דער באַוועגונג, אינגאַנצן ארום 120 מענטשן און ענדליך דעם סטרייק געבראָכן.

צווישן די 120 בין איך אויך געווען. צוויי יאָר בין איך געזעסן אין די טורמעס און דערנאָך פאַרשיקט געוואָרן אין אירקוטסקער גובערניע וואו איך בין אָפּגעווען ביז 1903.

דאָס איינציגע וואָס די אַרבעטער האָבן פון יענעם קאַמף געוואונען איז געווען דער 12־שטונדיגער אַרבעטס טאָג.



די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער באַוועגונג אין סמאַרגאָן איז שוין געווען צו טיף און צו שטאַרק אריינגעדרונגען אין די הערצער פון די אַרבעטער אַז זי זאָל נאָך די מאַסן אַרעסטן אונטערגיין. אַנדערע זיינען געקומען און פאַרנומען די רייען פון די פאַרשיקטע. דער קאַמף פאַר מענשלעכן און גערעכטן לעבן קעגן די זשעדנעקייט און טיראַניע פון די שטאַרקע פאָדערט אימער קרבנות. און, ווירקלעך, אַלע ערשטע פיאָנערן פון דער באַוועגונג און די ערשטע אַרבעטער־אַקטיוויסטן האָבן פיל געליטן. כמעט אַלע פון דער ערשטער גרופּע פיאָנערן זיינען פריצייטיג אַוועק פון דער וועלט.

ליבע גינצבורג (מנשה דעם רב׳ס טאָכטער), וועלכע איז געווען אַן אויסער־געוועגליכע מאָראַלישע פּערזענליכקייט, מיט פענאָמענאַלע פייאיקייטן, מיט אַ כאַראַקטער וואָס איז שטענדיג גרייט געווען אויף מסירת נפש פאַר דאָס וואָס איז ביי איר געווען הייליק און טייער, האָט שוין אַלס קינד געוועקט באַוווּנדערונג. מען דערציילט אַז דער זיידע ר׳ חיים אברהם פלעגט זי אוועקזעצן אויפ׳ן שויס ווען ער האָט באַדאַרפט פּסק׳ענען אַ דין־תורה, אָדער אויסצוגלייכן פאַרפלאָנ־

טערטע קאָנפליקטן און ער פלעגט זיך ווענדן צו איר נאָך אַן עצה. די אנוועזנדיקע פלעגן דערשטוינט ווערן פון אירע קלוגע ענטפערס.

זי האָט זיך אָפּגעגעבן דער באַוועגונג מיט׳ן גאַנצן ברען פון איר יוגנטליכע נשמה. אין דער איינגער אַטמאָספערע פון אַ קליין שטעטל זיינען אירע אידעאַלן אָפט געקומען אין קאָנפליקט מיט דעם רבנישן פירונג פון אירע עלטערן. זי האָט פון דעם שטאַרק געליטן. ווען זי האָט דאָס מער ניט געקענט איבער־טראָגן, איז זי אַוועק קיין וואַרשע. דאָרטן האָט זי גענומען שטודירן דענטיסטרי. זי האָט אָבער דענטיסטרי ניט ליב געהאַט און זי האָט זיך נאָך געמוזט אויס־באַהאַלטן פון דער פּאָליציי. איז זי צום סוף אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע. דאָ איז זי געוואָרן אַ קראַנקן שוועסטער נאָך איר גוסט און אידעאַל. זי האָט חתונה געהאַט מיט א. ליעסין. דאָס איז געווען דער אַפּאָגעי פון איר גליק.

אָבער די אָנגעשטרענגטע קאָנספּיראַטיווע פּיאָנערן־אַרבעט אין דער אַרבעטער באַוועגונג אין דער צאַרישער רוסלאַנד, די שווערע ליידן אין דער וואַרשעווער תקופה (וואו בא איר איז געווען אין ליכטיגער מאָמענט: איר פריינדשאַפט מיט דער באַרימטער רעוואָלוציאָנערין פרומע פרומקינא) האָבן אויסגעשעפּט אַלע אירע כחות און דעם 18־טן אויגוסט, 1912, איז זי געשטאָרבן.

סאָרא מעטליצקאַיא, אַ צווייטע אין דעם קליינעם קרייז פּיאָנערן האָט אויך טראַגיש פאַרענדיקט. וועגן איר געפינען מיר גענוי אין די ערינערונגען פון ביילע גינצבורג, וועלכע שרייבט:

— איך בין נאָך דעמאָלסט געווען אַ קליינע מיידעל, נאָר אַלס ליבעס אַ שוועסטער האָט מען צו מיר געהאַט צוטרוי און מען פלעגט מיר צולאָזן אומעטום. מען פלעגט מיר אָפט שיקן אין שליחות׳ן, איבערצוטראָגן „ניע־לעגאַלסטינע" און אַנדערע זאַכן. ליבע פלעגט דאָס ניט ווילן ליידן, פלעגט זיך בייזערן פאַר דעם.

זייענדיק אַ גאַנץ לעבעדיגע און ניט קיין שרעקעוודיגע, האָב איך זייער ליב געהאַט מיין ראָלע. איך פלעג שטאָלצירן מיט דעם: נאָך מער, ווייל מען פלעגט מיר צוליב דעם צולאָזן צו די הוליאַנקעס. און אָט דערמאָנט זיך מיר סאָרע מעטליצקאַיא. דער שיקזאַל איז צו איר קיינמאָל ניט פריינדלעך געווען. אירע עלטערן זיינען אָפּגעשטאָרבן ווען זי איז נאָך געווען גאָר קליין. זי האָט זיך געמוטשעט בא אַן אַלטן, פאַנאַטישן יידן. איר איז אויסגעקומען גאָר פיל צו ליידן און איר שטאָלצע און פעסטע נאַטור איז נאָך מער פאַרהאַרטעוועט געוואָרן. זי איז געווען אַ קלוגע און אַ גוטע אַגיטאַטאָרשע, איבערגעגעבן צו דער באַוועגונג מיט לייב און לעבן. בא איר אין וואוינונג, אויף אַ שאַלקע, איז געווען די ביבליאָטעק. ווען די פּאָליציי האָט דאָס אַנטדעקט און אַרומקערינגלט די הויז, איז אין שטאָט געוואָרן אַ מהומה. די גאַס איז פול געוואָרן מיט מענטשן, גרויס און קליין. אַזויפיל פּאָליציי האָט מען נאָך אין סמאַרגאָן ניט געזען און אַ אימה

איז אלעמען באַפאַלן. מען איז געשטאַנען צעשראָקן און זיך געשושקעט. דער גאַנצער מאַרק, ווו סאַראַ׳ס הויז איז געווען, האָט אויסגעזען ווי אין אַ יאַריד. איך שפּאַר זיך דורך און גיב אַ קוק און דערזע סאַראַן שטייענדיק באַם פענסטער. זי קוקט ארויס אויפ׳ן גאַס. איר געזיכט איז בלאַס, נאַר אַנטשלאָסן. זי בייסט די נעגל, דאָס איז געווען איר געוואוינהייט ווען זי פלעגט ווערן אויפגערעגט. איך הער ווי איינע זאָגט:

— טו נאָר אַ קוק אויף דער חוצפּניצע, ווי זי שטייט אזוי רוהיג באַם פענסטער, ווי מיט איר וואָלט גאָרניט געשען; ווי זי וואָלט האַלטן אַ דרשה פאַר די אויסוואורפען. אַלע זיינען זיי ווערט מען זאָל זיי פאַסעווען.

— דאָס איז אַלץ דערפאַר וואָס זי האָט ניט, נעבעך, קיין עלטערן. עלטערן וואָלטן צו דעם ניט דערלאָזן. אַ רחמנות. אַן אָרעמע מיידעל. ווער ווייס זיך איצט פאַר איר אָננעמען?

„די באַוועגונג!“ — האָט זיך מיר געוואָלט אויסשרייען. און ווירקלעך. אַזוי איז טאַקע געווען מען האָט מעטליצקאַיאַ ניט אַרעסטירט. די פּאָליציי האָט צוגענומען אַלע ביכער. און ביז וואַנעט מען האָט זיי איבערגעקוקט, האָט מען סאַראַ׳ן צורו געלאָזט. די זעלבע נאַכט איז סאַראַ, אַנגעטאָן אין מענערשע בגדים אין אַ פוהר און באַזאָרגט מיט געלט אָפּגעפאָרן קיין מינסק. פון דאָרטן קיין לאָנדאָן. אין לאָנדאָן האָט זי זיך ניט געקענט איינאָרדנען. ס׳האָט איר געצויגן צוריק קיין רוסלאַנד. און אָט דערוויסט מען זיך אין סמאַרגאָן, אַז סאַראַ מעטליצקאַיא איז צוריק אין מינסק. גרשון פעלדמאַן און בינקע שימשעלעוויטש פאָרן אין מינסק און האָבן קוים גע׳פועל׳ט באַ איר זי זאָל פאַרלאָזן רוסלאַנד און אָפּפאָרן קיין אַמעריקע. זי האָט שוין אָבער ניט געקענט לעבן אָן דער באַוועגונג. אין אַמעריקע איז זי שוין געקומען אַ צעבראָכענע און אויס־געמאַטערטע. אירע נערוון האָבן צום סוף ניט אויסגעהאַלטן. זי איז געוואָרן זייער קראַנק און זייענדיק אין האָספּיטאַל האָט זי געמאַכט אַן ענדע צו איר לעבן.

נאָך איינע פון דער קליינער גרופּע פּיאָנערן, נחמה גינצבורג (יצחק דעם טאַבאַטשניק׳ס טאָכטער), איז אויך אַוועק יונג פון דער וועלט. וועגן איר שרייבט ביילע, רבי מנשה׳ס:

„און אָט דערמאָנט זיך מיר אַן אָוונט פאַר׳ן אַלגעמיינעם סטרייק באַ די שניידערקעס. נחמה׳ס קליינער צימערל איז געפּאַקט מיט שניידערקעס. אויפ׳ן קליינעם טישעל ברענט אַ לעמפּל. נחמה שטייט אויף אַ קעסטל און האַלט אַ רעדע. איר שיינער, קלוגער פנים שיינט, די אויגן פינקלען. איר שטים האַמערט און קלינגט אָפּ מיט גרויס באַגייסטערונג אין יעדען האַרץ פון די אנוועזנדע. אַלע ווי איינע שווערן צו בלייבן טריי דעם סטרייק. מען זינגט אַ רעוואָלוציאָנערע ליד מיט האַרץ, אָבער שטיל, אַז מען זאָל ניט דערהערן אין דרויסן.

אויף מאָרגן ברעכט אויס דער סטרייק. ווידער אָביסקעס, אַרעסטן. די

עלטערן טרייבן די קינדער צו דער אַרבעט, נאָר קיינער ברעכט ניט דעם סטרייק. עס האָט אָנגעהאַלטן אזוי אַ פּאָר וואָכן און ענדלעך האָבן די אַרבעטער געוואונען קירצערע שטונדן און גרעסערע שכירות.

אויך נחמה גינצבורג איז געווען געצוווּנגען אויסצוואַנדערן קיין אַמעריקע און אויך זי האָט דאָ ניט געקענט זיך באַרוהיגען. עס האָט געצויגן צוריק צום קאַמף. זי קומט צוריק און שטאַרבט פּלוצלינג אין קיעוו.

אַ באמת וואונדערבאַרער מענטש איז געווען שמואל לעווין. אַ גרויסער בעל־חשבון, אלזייטיג און טיף געבילדעט, באַפּליגעלט פון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל, האָט ער זיך אינגאַנצן אָפּגעגעבן די פּיאָנערן אַרבעט. צווישן לעווינ׳ס תלמידים אין סמאָרגאָן זיינען געווען אייזיק מאיר דעווענישסקי, א. ווייטער, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט אַ וויכטיגע ראָלע אין דער רעוואָלוציע פון 1905, באַרימט געוואָרן מיט זיינע ליטעראַרישע ווערק אין דער אידישער ליטעראַטור און וואָס איז אין 1919 אומגעקומען על קדוש השם פון די פּוילישע לעגיאָנערן.

אויך לעווינען איז ניט באַשערט געווען צו דערלעבן בעסערע צייטן. ער איז געקומען קיין אַמעריקע. געענדיגט דאָ אויף דאָקטאָר און איז אין אַ האַלב יאָר אַרום געשטאָרבן פון אַ מאָגן קראַנקהייט.

אָבער די קרבנות פון די פּיאָנערן גרופּע און פון די ערשטע אַרבעטער אַקטיוויסטן זיינען ניט געווען אומזיסט. דער אידעאַל פאַר וועלכן זיי האָבן געקעמפט האט ווי א פיינר ארומגעכאפּט די גאנצע יוגנט און ארבעטערשאפט די סמאָרגאָנער אַרבעטער האָבן פאַרטגעזעצט דעם קאַמף.

מתוך החוברת סמארגאָן זאַמלבוך 1934 אַמעריקע, ניו־יאָרק.

א. י. גאָלדשמיד

# דער [illegible]ץ און א. ווייטער

## [illegible]יק מאיר דעווענישסקי

(1919—1878)

ער איז געקומען קיין סמאַרגאָן (וואָס איז דעמאָלט געווען אַ מקום־תורה) אין 1895 (17 יאָר אַלט) מיט אַ קאָלאָסאַלן באַגאַזש פון תלמוד און העברעאישער השכלה...

אין סמאַרגאָן אין יענער צייט איז ניט געווען דער מנהג פון עסן „טעג" פאַר די „ווילדע יונגעליט" וואָס גרייטן זיך צו סמיכה... מען האָט זיי געצאָלט וואָכער 75—90 קאָפּ. אַ וואָך.

ביז 10 אינדערפרי האָט ער געלערנט ביי אַ לערער לעווין (איינער פון די פיאָנערן פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג) נאָך 10 אַזייגער האָט ער געלערנט מיט גרויס התמדה אויפן קול. ער האָט געהאַט זייער אַ שיינע שטימע. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט [illegible] דעם וואָכער. ער פלעגט באַקומען פון דער היים צען רובל אַ חודש. די [illegible] פלעגט אים אויך שיקן פעקלעך.

זיין בעסטער פריינט איז געווען דעם ווענדזיגאָלערס רבס זון, מרדכי ראָזענסאָן (רזיאל) (דער פאָטער פון דוד רזיאל).

נאָך אַ חבר איז געווען, בערל ביטשקאָווסקי. ראָזענסאָנען האָט מען אָפּגעזאָגט אין תמיכה וויל ער האָט געשריבן לידלעך.

זלמן סוצקעווער האָט זיך איינגעשטעלט פאַר אים און אויך ביטשקאָווסקי. און ראָזענסאָנען (מרדכי רזיאל) האָט מען רעהאַביליטירט און געהעכערט זיין וואכער (זע אין זיין אינטערוויו).

אין סמאַרגאָן האָט זיך געשאַפן אַ געהיימער קרייז פאַר זעלבסט־בילדונג. זיי האָבן געהאַט אַ ביבליאָטעק. די „ביבליאָטעקאַרין" איז געווען „שרה דעם קוואַשניקס", לויט פּראָפעסיע אַן אַקושערין, זי האָט זיך געמיט איינצושאַפן וואָס מער ביכער אין יידיש, העברעאיש, רוסיש און פויליש.

דאָ זענען געווען זונד־העמס ווערק, קרומלעכן השחר" פון פרץ סמאָלענסקין, שלום עליכמס „יידישע פאָלקס־ביבליאָטעק", ספּעקטאָרס „הויז פריינד", מענדעלעס „קליין מענטשעלע", „די טאַקסע", „דער פאַרזאָר" „די קליאַטשע". (אין עטלעכע עקזעמפּלאַרן), „האמת" פון אהרן ליבערמאַן און „אספת חכמים" פון ראַדקיסאָן, דער רעדאַקטאָר פון „הקול" און „קול לעם", י. ל. פּרצ'ס „יידישע ביבליאָטעק", „ליטעראַטור און לעבן" און זיינע „בלעטלעך". אויך דניאל דירונדה, אַלע אויסגאַבן פון אחיאסף.

די ביבליאָטעק איז געווען אַן אומלעגאַלע, אַ קאָנספּיראַטיווע דאָך האָט זי געהאַט אַ סך לייענער פון ישיבה בחורים און אַרבעטער.

אין סמאַרגאָן האָבן זיך גענומען שאַפן אָרגאַניזירטע „קעמערלעך" פון אַרבעטער, אונטער דער אָנפירערשאַפט פון אינטעליגענטן. דער הויפּט טוער איז געווען דער דערמאָנטער לעווין, וואָס איז געווען ווייטערס פּריוואַטער לערער. לעווין האָט זיך באַקענט מיטן האַלב רוסיפיצירטן פּאָליאַק סיניצקי.

ער האָט געהאַט אַ נחלה אין זייער אַ שיינעם גאָרטן לעבן סמאַרגאָן. סעניצקי איז געווען אַ יידן פריינט. זיין אַמט — אַן אַקציזניק. אָבער איידער ער פלעגט אַרויס אויף אַ רעוויזיע פלעגט ער שיקן אָנזאָגן אַז ער קומט. עס זאָל אַלץ זיין אין גוטער אָרדענונג.

ער איז געווען אַ פאַרערער פון מיכאַלאָווסקי, אַ נאַראָדניק. ער האָט געקאָנט יידיש און ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פּראָפּאַגאַנדע צווישן דער יידישער יוגנט.

סעניצקי האָט פאַרמאָגט אַ רייכע ביבליאָטעק. ווייטער איז געוואָרן אַ בן־בית ביי אים אין הויז און אין ביבליאָטעק. דאָרט זענען געווען די בעסטע ווערק פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור. ווייטער האָט געטיילט זיין טאָג. ביז צען אַזייגער אַלגעמיינע לימודים און שפּראַכן. פון צען ביז פיר אַזייגער, תלמוד און מפרשים, נאָך פיר אַזייגער, אַ פּאָר שעה לייענען. אין אָוונט גיין צו סעניצקין, זיין נייעם לערער.

שבת־נאָכטס אין ליובאַוויטשער שטיבל וווּ אַ „זוהר" פלעגט זאָגן חסידות. ער פלעגט אויך גיין אין קוידענאָווער שטיבל וווּ עס האָט געהערשט מער דביקות. מען האָט געזונגען און געגאַנגען אַ „ריקודל" „מיט פייער" מיט ברען.

א. ווייטער האָט פיל געשריבן. מיר האָבן זיינס אַ ליד אין רוסיש געשריבן אין סמארגאן (זע אונטן דאס ליד).

ער האָט אָנגעהויבן אַרויסגעבן אין יידיש און העברעיש אַ געשריבענעם זשורנאַל „אָרגאַן פון סמארגאנער פרושים" אין גייסט פון אַהרן ליבערמאַנס „אמת" און פרצס „בלעטלעך".

די עלטערן האָבן זיך דערוווּסט אַז אייזיק מאיר איז אַרויס לתרבות רעה.

אין סמאַרגאָן האָט אייזיק מאיר פאַרבראַכט עפּעס מער ווי אַ יאָר.

מען האָט איפגעפירט „מסעות בנימין השלישי" אָדער ווייטער אָדער מרדכי ראָזאָנסאָן האָבן עס אויפגעפירט פּורים. עס האָט געמאַכט אַ רושם. אָבער די פּרומאַקעס זענען געווען שאָקירט: ס'טייטשט ווי קומט עס צו בחורים, ישיבה־לייט.

ווייטער האָט דעם יאָר תרי״א אין סמארגאָן געהאַלטן פאַרן שענסטן פעריאָד פון זיין לעבן. ווייל סמאָרגאָן איז געווען אַן אויפגעקלערטע שטאָט און דאָ האָט ער זיך באַקאַנט מיט די נייסטע שטרעמונגען פון דער צייט.

אין סמאָרגאָן אויף די ישיבה־לייט האָבן געהאַט די גרעסטע השפעה אהרן ליבערמאַן און י. פרץ מיט זיינע „בלעטלעך״.

אין אָט־דער צייט האָט אין סמאָרגאָן געקאָכט (צווישן די בית־מדרש בחורים) וועגן חיבת ציון, סאָציאַליזם, אַסימילאַציע, וועגן פאָליטישן ציוניזם.

אין 1905 איז אַ. ווייטער געשטאַנען אין שפּיץ פון „בונד״ אין ווילנע, און ער איז געווען דער גאַנצער „בעל־דעה״, „מאַכט האַלטער״ אין דער „רויטער שטאָט״.

דעם 19־טן אַפּריל 1919 (חול המועד פסח) גייט דער פּוילישער מיליטער אונטער יאָזעף פּילסוצקי אַריין קיין ווילנא און „פייערט״ זיין נצחון איבער דער רויטער אַרמיי מיט אַ בלוטיקן פּאָגראָם אויף ווילנער יידן. זיבעציק יידן זענען דערהרגעט געוואָרן, צווישן זיי דער שרייבער א. ווייטער!

# גיי קינד מיינס

גיי, קינד מיינס, איבערן טויטנפעלד,
וואַרף אָפּ די פּוסטע שרעק,
די שאָטנס וועלן נישט אַרויס
פון אונטער קבר־דעק.
זאָל רייסן קברים שטורמווינט
מיט וואָיען און געוויין,
זאָל פייפן, וועקן טויטע ער —
זיי וועלן נישט אויפשטיין.
מיט וואָס קאָן לאָקן זיי די נאַכט
די שוואַרצע אין דער נויט?
וואָס האָט די וועלט געגעבן זיי
און צוגענומען האָט ז'ער טויט?
צו וואָס־זשע זאָלן ווידער זיי
אַרויס פון קבר־ווענט,
אַהין, וווּ עס האָבן ווייען שאַרף
געפייניקט זיי, געברענט.

אָט־דאָס ליד איז אונטערגעצייכנט „סמאָרגאָן״ מאַי 1900. עס איז געשריבן אין רוסיש און איבערגעזעצט אין יידיש. פון א. י. גאָלדשמידט (א. ווייטער, כתבים, ז. 64. פאַרלאַג קלעצקין 1923. א.י. גאָלדשמידטס אריינפיר און ביאָגראַפיע. ווילנע.

אייזק נחמה׳ס

# אקטאבער 1905

([redacted])

(מתוך החוברת סמארגאָן זאַמל בוך 1934)

דיעלאַ דאַוונאַ מינואוושיך דנעי... פושקין.

אין וועמענס זכרון זיינען „יענע טעג“ ניט פאַרבליבן פריש עד־היום? די גרויסע האָפנונגען, פרייד און ענטוזיאַזם פון יענעם יום־טוב, ווער קאָן דאָס פאַרגעסן? עטוואָס אומבאַשרייבלעכעס האָט אָנגעפילט די לופט. די מפלות אויף די פעלדער פון מאַנטשוריע און דער פאָרטסמוטער פרידן זענען געווען אַזאַ פּאַטש אין פּנים דעם גאַנצן לאַנד, אַז די שטילע און טיפע אומצופרידנקייט האָט זיך ווי אַ פאַרפלייצונג דורכגעטראָגן איבערן גרויסן און ברייטן רוסלאַנד און איז אַרויס פון די ברעגן.

די יוגנט און אינטעליגענץ, די אַרבעטערשאַפט און פויערים, די קאַזאַרמעס און קריגסשיפן — אַלעס, אַלעס וואָס האָט געדיינקט, געפילט אין צאַרישן רוסלאַנד, איז אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיט צאָרן און פּראָטעסט.

„קניאַז פּאָטיאָמקין“ איז אַלעמען געלעגן טיף טיף אין האַרצן...

אין די אינטעלעקטועלע און פּראָלעטאַרישע צענטרען פון סמאַרגאָן האָט געברויזט. בײַ פּרץ, דעם לערער אין קליייטעל איז געווען די רעכטע „געדיכטע“ דאָס איז געווען דער צענטער פון אַלע „סיבירניקעס“ פלאַם־פייערדיגע „איסקראָווצעס“. מען האָט גערעדט זייער ווייניג און זייער, זייער שטיל. נאָר „זיי“ האָבן געוואוסט... „זיי“ האָבן געוואוסט... „זיי“ זיינען געווען זייער, זייער ערנסט. בײַ פּרץ דעם לערער איז געווען אָפן שבת... דאָרטן האָט מען זיך ניט געוויצלט... נאָטע מילער׳ס זון איז געוואָרן בלייכער, זיין „פּריטשאָסקע“ מער פילאָזאָפיש און זיין שפּראַך האָט געשמעקט מיט „קאַפּיטאַל“, דיאַלעקטיק און פּלעכאַנאָוו. דער קליינער, שטייפער שייניוק, דער פאַרבאַקענער סאָציאַל־דעמאָקראַט, האָט געקוקט זייער שטריינג דורך זיינע שפּאַקולן.

אין רפאל דעם סעלצענמאַכער׳ס הויז איז געווען נאָך אַ „צענטער“ — אַ מקום־מקלט. אַ קורצזיכטיגער קלויזניק מיט גראָבע שווערע ברילן פלעגט דאָרטן שטונדן־לאַנג אַקערן מיט׳ן נאָז דעם „הזמן“ שטייענדיג אָנגעשפּאַרט מיט׳ן פּלייצע אויף אַ טיש. דער שוואַרץ־בערדלדיקער מיסטיקער ראַבינאָוויץ איז

דאָרטן געווען איינער פון די צענטראַלע פיגורן. יוסף רעזניקאָוויץ האָט געשלונגען די ציַיטונגס־פעליעטאָנען און שטילערהייט געמומזעט צו זיך. רפאל אַליין האָט גערעדט מיט רמזים צו מיין טאַטן... אשר יעשה הזמן... פּאַטיאָמקין... מוראה של מלכות... פּאָביעדאָנאָסצעוו... ליבעראַלנע פּאָליטיקע... און ער האָט זיך אַ ביסל צוגעשאָקלט. מיין טאַטע האָט געענטפערט מיט אַ קוק און האָט זיך אויך אָנגעהויבן שאָקלען... און ביידע, רפאל און מיין טאַטע, האָבן זיך זייער געשמאַק געשאָקלט...

זייער אַ וויכטיגער „צענטער" איז געווען באַם געלן זייגער־מאַכער. דאָ איז געווען פאַרזאַמלט די אמת'ע כת־לצנים. נאָר וואָס פון באַן, פלעג איך דאָרטן אָנקומען מיט'ן פּעקל פרישע „גאַזעטן" און פלעג טאַקע דאָרטן קריגן דעם אמת'ן קבלת־פּנים, מיט'ן קנאַקנדיקן וויץ. די הויפּט פיגור איז געווען דער געלער זייגערמאַכער אַליין. לעבן אים איז געזעסן דער קאַליקער זייגער־מאַכער, אַן אָנגעזעענער ס. סאַוויץ. דער הויכער בלאָנדער סטראַזשניק פלעגט דאָרטן וואַרטן אויף מיר, איך זאָל אים געבן אַ צייטונג אומזיסט; וואָרים ער האָט געוואוסט, אַז איך טאָר ניט פאַרקויפן מיינע צייטונגען אָן אַ גובערנאַטאָרסקע ראַזרעשעניע... נו האָב איך געמוזט אים און די איבעריגע סטראַזשניקעס געבן „כאַבאַר" אַ צייטונג.

אויסער פּרץ דעם לערער'ס „הימעניקעס" פּאַרסייט'ס בטלנים, דעם געלן זייגער־מאַכער'ס לצים, זיינען געווען נאָך פילע אַנדערע צענטרען פון קריטיק, פילאָזאָפיע און רעוואָלוציע, באַ באַיאַרסקי'ן אין אַפּטייק, אין בראַווערמאַנ'ס וואָרשט־געשעפט, באַ הירשקע ישראל'ס אין טאַנדעט־געשעפט האָט מען אויך געקריטיקירט... און באַ קלמן דעם בעל־עגלה אויף נייע גאַס האָט מען געשאָטן פעך און שוועבל על ה' ועל משיחו...

עס איז שוין באַלד אַ פּאָר טעג, ווי די באַנען פון ווילנע און מינסק קומען ניט אָן. ניטאָ קיין צייטונגען. ביסלעכווייז איז דער לעבן אין שטאָט אָפּגעשטאָרבן. די קראָמען זיינען פאַרמאַכט. מען האָט מורא צו באַווייזן זיך אין גאַס. עס איז קאַלט און עס גייט אַ דראָבנער רעגעלע. אויפ'ן מאַרק און אויף ווילנער און מינסקער גאַס זעט מען ווו אַ הייפל סטראַזשניקעס. ביינאַכט איז טויט־שטיל; מען הערט נור פון צייט צו צייט די פּאָדקעווע פון די קאָזאַצקע פערד. אָט אַזוי גייט אַ טאָג נאָך אַ טאָג. עס רעגנט, עס דריבעט, עס איז נאַס און קאַלט. נאָר מען וואַרט, וואָס וועט דאָ זיין? וואָס האָבן זיך די סטראַזשניקעס אַזוי צובושעוועט? אָט אַזוי גייט אַוועק כמעט אַן אַכט טאָג.

עס איז פאַרנאַכטלעך. איך בין באַם ברוגעם נאָך אַן עמער וואַסער. פון וואָקזאַל דערטראָגט זיך אַ פייף, דאָס רוישן פון לאָקאָמאָטיוו דערנענטערט זיך. ער גייט אויף זאַליעסיע. די שטאָט כאַפּט זיך אויף ווי פון אַ שלאָף. עס ווערט לעבעדיגער און לעבעדיגער. אַ פּאָר שעה שפּעטער הערט מען אַ „הוראַ" פון

אַרויף קרעווער גאַס. עפּעס איז דאָרטן אַ געררודער, אַ געשריי, אַ געפּילדער. עס הערט זיך אַ קנאַל, אַ שיסעריי. עס הויבן זיך אָן באַווייזן אין דער פינסטערניש, אויף נייע גאַס, מענטשן, וואָס לויפן אָן היטלעך, מיט אַ קאַלאַש אויף איין פוס, פאַרשפּריצט מיט בלאָטע; זיי קומען אָן איבער די פּאַרקאַנעס, די גערטנער; עס איז פינסטער און מען ווערט גע'מזיק'ט; מען לויפט, וואו די אויגן טראָגן. אַ דעמאָנסטראַציע אַרויף קרעווער גאַס... די קאַזאַקן האָבן אַטאַקירט... ס'איז, הכלל, רעוואָלוציע... מיר, קינדער, זיינען אויפ'ן זיבעטן הימל. נאָר דער טאַטע איז נישט זייער צופרידן פון יענעם טעראַראַם און האַלט, אַז מיר קינדער דאַרפן זיצן אין הויז און זיך נישט „גרומשליאַען". אַ גאַנצע נאַכט שלאָפט זיך נישט.

קוים דערלעבט דעם פרימאָרגן. אין גאַס איז לעבעדיק. זעלטער קלמנ'ס מיט זיין „טאַלפּאַ" לאָזט זיך אַרויף נייע גאַס, באַפרייען די תלמידים פון „גאַראָדסקאַיע" און „נאַטשאַלנע". אָט קומט אַנטקעגן עפּעס אַ טשינאָווניק. חברה איז אים מקבל פנים מיט אַ „דאָלאָי" און מיט אַ הורא... דער טשינאָווניק נעמט אַראָפּ די היטל מיט דער קאָקאַרדע...

אַביסל שפּעטער, אַרום 2 — 3 אַזייגער נאָכמיטאָג איז שוין קינד און קייט אין דרויסן. דער מאַרק, ווילנער גאַס זיינען געפּאַקט... פון די אַרומיקע גאַסן און געסלעך שיט זיך אַן עולם אָן אַ שיעור. עס איז אַ גרויסער, קאַלטער, אָסיענדיגער טאָג. עס גייט אַ דראָבנער, געדיכטער רעגעלע... נאָר דער עולם איז פייערלעך געשטימט. מען דריקט זיך די הענט, מען נעמט זיך אַרום, מען קושט זיך, פילע וויינען פאַר פרייד... די קאַזאַקן, הינטערן קלויסטער, לעבן קאַנצעלאַריע, שטייען צוגעטוליעט איינער צום אַנדערן, ווי פאַרלאָרענע שאָף... נישטאָ אַ סטראַזשניק, אויף אַ רפואה. אייניגע אַרבעטער פירן אַרום רייטנדיג אויף פערד. מען נעמט זיך פאַר די הענט, מען מאַכט אַ קייט פון אַרויף ווילנער גאַס ביז נאָטע־מאַרגאָליס און ווייטער. אָט קומען זיי אָן... אַ גרויסער בילד פון קאַרל מאַרקס וויגט זיך אין דער לופטן; פון אַלע זייטן רויטע פאָנען שאָקלען זיך אונטער'ן פרייען הימל. דער פּאָזשאַרנער באַראַבאַן פויקט. עס הילכט די מאַרסעליעזע... מען זינגט... מען זינגט... עס באַווייזט זיך אַן אַרבעטער (גערשן דער גאַרבער) אויף אַ פערד מיט אַ בלוטיגע העמד אויף אַ שטעקן, הויך אין דער לופטן. דאָס איז די נעכטיגע מלאכה פון די סטראַזשניקעס... דער עולם ווערט אויף אַ מינוט אַנטשוויגן... פילע נעמען אַראָפּ די היטלען... און מען זינגט „איר זענט אַ קרבן געפאַלן"..

פערשווונדן איז דער קאַלטער, גרויער אָסיען טאָג. עס כוואַליעט פרייד אין אַלעמענס האַרץ.

עס איז דער ערשטער אָנזאָג פון אַ נייעם לעבן, עס איז דער ערשטער פרילינג טאָג אין לאַנד.

ווי קאָן מען יענעם טאָג פאַרגעסן?

א. פארסייט

# די לעצטע טעג פון סמארגאן

(מתוך החוברת סמארגאָן זאַמלבוך 1934, אמעריקע)

איך בלעטער די זייטן פון אַ טאָג־בוך. אַלטע, פאַרגעלטע בלעטער אין אַ צעריסענעם העפט, געשריבן מיט קינדערשער נאַאיווקייט, וועקן אין מיר בילדער פון פאַרגאַנגענהייט.

עס שווימט אַרויס פאַר מיינע אויגן די אַלטע היים — סמארגאָן.

עס צעוויקעלט זיך פאַר מיר די פּאַנאָראַמע פון אירע געדרייטע גאַסן, לאַנגע שמאָלע זאַקאַאולקעס, מערק, הויפן און הייזער. עס לעבט אויף אין מיין זכרון די גאַנצע אומגעגנט: ליטשניק, אשמענער וועג, פערעוועס, די ווילִיע, דער סטאַי, סיניצקעס וועג צווישן צוויי רייען בוימער.

עס בליצן אויף בילדער פון אימפּעט־פולסירנדן, קאָכיגן אַלטן סמארגאָן און שאַרף און בולט לעבן פאַר מיר ווידער אויף די לעצטע טעג פון סמארגאָן. טעג, ווען די שטאָט האָט זיך געראַנגלט אין אַגאָניע פאַר׳ן טויט, וואָס די מלחמה האָט צו איר געבראַכט.

דער זומער פון 1915 איז געווען קאַטאַסטראָפאַל פאַר דער רוסישער אַרמיי. אונטער דעם דרוק פון אַ מעכטיקן דייטשן אַנגריף, האָט די רוסישע אַרמיי געהאַלטן אין איין פאַרלירן. איין שטאָט נאָך דער אַנדערער זענען אָפּגעגעבן געוואָרן צום שונא. עס זענען געפאַלן די פעסטונגען קאָוונאָ, ברעסט־ליטאָווסק. געפאַלן שוין גראָדנא און די דייטשן זענען געשטאַנען באַם טויער פון ווילנע. קיין זאַך האָט, דאַכט זיך, ניט געקענט אָפּשטעלן דעם מאַרש פון די דייטשן.

סמארגאָן, וועלכע האָט זיך פון אַנהויב מלחמה געפונען אַ פאָר הונדערט וויאָרסט פון קריגס־פראָנט, איז מיטאַמאָל געוואָרן נאָענטער „טיל" פון דער אַרמיי. דאַן האָט זי מיטאַמאָל דערפילט די גאַנצע שרעק פון די אָנקומענדיגע געשעענישן. האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן און אומבאַהאָלפן געבליבן וואַרטן. די רייכערע האָבן זיך געגרייט עוואַקואירן. די ווייניג פאַרמעגלעכע און די אָרימע האָבן געלעבט מיט בלינדער האָפענונג. און וואָס עס זאָל ניט געשען, האָבן זיי זיך געקלאַמערט אָן די היימישע ווענט, אָן די היימישע ערד.

קיין גרויסע מיליטער אָפּטיילונגען זענען אין סמארגאָן ניט געווען. עס האָבן זיך דאָרטן געפונען די בעקערייען און אַנדערע אָפּטיילונגען, וואָס געפינען זיך געוויינלעך אין טיפערן „טיל".

די באַן פאַרבינדונג מיט ווילנע איז געווען פּאַראַליזירט, אָבער אין טיף רוסלאַנד זענען נאָך די באַנען געגאַנגען.

אָנהויב סעפּטעמבער האָבן די צייטונגען אויפגעהערט צו קומען און מיר האָבן געלעבט מיט קלאַנגען. יעדער טאָג אַ נייער קלאַנג, אַז די דייטשן זענען שוין אָט־אָט ניט ווייט פון סמארגאָן. צו אָט־די אַלע קלאַנגען האָבן מיר, סמארגאָנער, זיך באַצויגן מיט אומצוטרוי.

סעפּטעמבער דעם 15־טן, אַרום 9 אַזייגער אין דערפרי האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די דייטשן זענען דאָ ביי דער ווילִיע. דאָס האָט אויסגעקוקט אומגלויבלעך. אַלעס איז געווען רואיג ווי געוויינלעך. סמארגאָן האָט אָנגעהויבן איר געוויינלעכן טאָג פון טעטיגקייט. די קראָמען האָבן זיך געעפנט. די פאַבריקן האָבן געאַרבעט, ווייבער זענען געגאַנגען אין מאַרק איינקויפן. פּויערים זענען געקומען פאַרקויפן זייערע פּראָדוקטן.

מיט אַ מאָל האָט פון דער זייט פון ווילִיע דערטראָגן זיך דער בום פון האַרמאַטן. די דייטשן האָבן פון דאָרטן באַשאָסן די אייזנבאַן.

אַ פּאַניק האָט באַלד אויסגעבראָכן. די קרעמער האָבן פאַרהאַקט די קראָמען. די פּויערים האָבן צוריק איינגעשפּאַנט די פערד און שלאָגנדיק זיי מיט אַלע רוחות צעלאָפן זיך אין ווילדן גאַלאָפּ. שמייסנדיק די פערד מיט אַ בייטש, האָבן זיך דורכגעטראָגן אויף בריטשקעס די קאָזאַטשעיסטוואָ און די פּאָסט אַנגעשטעלטע.

די גאַסן, וואָס זענען געווען באַלעבט, זענען פּוסט געוואָרן.

באַלד האָט אַ שיסעריי דערהערט זיך גאָר נאָענט. די רוסישע סאָלדאַטן האָבן געפּרואווט געבן אַ ווידערשטאַנד. אויפ׳ן ראָג קרעווער און ווילנער גאַס האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אַ פּוליעמיאָט און באַשאָסן די אַטאַקירנדע דייטשן. אָבער דאָס אַלעס האָט לאַנג ניט געדויערט. אין אַ שטונדע צוויי אַרום איז די דייטשן געלונגען צו פאַרטרייבן די רוסן. די שיסעריי האָט אויפגעהערט און די באַפעלקערונג, וואָס איז פאַרקראָכן אין די קעלערן, האָט גענומען אַרויסרוקן זיך. זיי האָבן געטראָפן די דייטשן פאַרנומענע מיט אויפברעכן די קראָמען פון באַקאַלעי און אַנדערע עסנוואַרג. ווי הונגעריגע וועלף, האָבן די דייטשע סאָלדאַטן פאַרצוקט אַלעס. צו דער פרידלעכער באַפעלקערונג האָבן די דייטשן זיך באַנומען ניט שלעכט. אייניגע האָבן אַליין געעפנט די געשעפטן און פאַרקויפט צו די דייטשן.

צום אָוונט צו זענען די גאַסן געווען פול מיט מענטשן. די סמארגאָנער, וואָס האָבן געשפּאַנט הין און צוריק איבער ווילנער און מינסקער גאַס, האָבן זייערע אייגענע אויגן ניט געגלויבט. די שטאָט איז ניט געווען צו דערקענען. די קראָמען אויפגעבראָכן. די מענטשן צערודערט. מען איז געגאַנגען און זיך געוואונדערט איבער דער פּלוצלינדיגער ענדערונג. נאָך נעכטן איז די שטאָט געווען

פאַרגעקומען. שפּעטער ערשט האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דאָס אַלעס איז אַ הונדערט וויאָרסט פון מלחמה בראַנד און אָט זענען מיר שוין אין מיט'ן פון פראָנט־פייער.

דאַמאָלסט האָבן מיר, סמארגאָנער, נאָך ניט געוואוסט, ווי אַזוי דאָס איז פאָרגעקומען אַ דאַנק דעם דייטשן דורכרייס פון רוסישן פראָנט אַרום סווענציאַן. אין דעם דורכרייס האָבן די דייטשן אַריינגעוואָרפן די בעסטע קאַוואַלעריע אָפּטיילונגען, אינפאַנטעריע אויף וועלאָסיפּעדן און לייכטע אַרטילעריע. זיי האָבן זיך באַוויזן הינטער די רוסישע אַרמייִ באַ ווילנע און איבערגעריסן די קאָמוניקאַציע.

פון איצט אָן האָבן זיך די געשעענישן געטראָגן שנעל.

16־טער סעפּטעמבער.

דורכ'ן שטאָט גייט אַ סך דייטשע מיליטער: אַרטילעריע, קאַוואַלעריע און פּעכאָטע. קענטיג, אַז עס קומט פאַר עפּעס וויכטיגעס. ווי פּאַר'סמ'טע, זענען געלאָפן קוריערן הין און צוריק. צו אָוונט צו האָבן איינִיגע דייטשע אָפּטיילונגען גענומען אָפּטרעטן. קענטיג, אַז ערגעץ גאָר ניט ווייט קומט פאָר אַ שלאַכט גינסטיג פאַר די רוסן. די נאַכט איז געווען אַן אומרוהיגע. דער הימל איז געווען רויט פון פייערן. עס האָבן געברענט די נאָענטע דערפער.

17־טער סעפּטעמבער.

די דייטשן זעצן פאָר זייער אָפּגאַנג. זייער שטימונג איז אַ שווערע. דער שלאַכט דערנענטערט זיך צו סמארגאָן. אַלץ הילכיקער ווערט דער בום פון האַרמאַטן. סנאַריאַדן הויבן אָן פאַלן אין שטאָט. אַלע האָבן זיך פאַרקליבן אין די קעלערן און אין געמויערטע הייזער. די שול איז געווען פול אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. מיר ליגן און הערן זיך צו מיט האַרצקלאַפּעניש צום זשום פון יעדן האַרמאַטן קויל און זיפצן אָפּ לייכטער, ווען ער פאַלט ערגעץ ווייטער.

די שלאַכט, גאָר נאָענט לעבן סמארגאָן, האַלט אָן. בייטאָג האָט פון אַ קויל אָנגעצונדן זיך אַ הויז אויף סלאָבאָדקער גאַס. אין אַ קורצע ווײַלע האָט די הילצערנע געביידע געפלאַקערט. איך און מיין ברודער, מרדכי, זענען געקומען די ערשטע צום פייער. די באָמבאַרדירונג איז געווען שטאַרק און קיינער האָט ניט געוואַגט צו ווייזן זיך. באַלד האָט די צווייטע הויז אָנגעהויבן ברענען. מיר האָבן באַנומען, אַז אויב עפּעס ענערגישעס וועט ניט געטאָן ווערן באַלד, וועט די גאַנצע שטאָט אוועק מיטן פייער. דערווייל האָבן נאָך מענשן זיך באַוויזן. מיר אַלע האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער פאָזשאַרנער דעפּאָ, אַרויסגעשלעפּט די פעסלעך און די פּאָמפּען. פון ערגעץ וואו האָט מען געבראַכט פערד. ווען מיר האָבן געשלעפּט די פעסלעך איבער'ן פערד מאַרק, האָט אַ האַרמאַטן קויל אויפגעריסן ערגעץ גאָר נאָענט צו אונז. מיר האָבן זיך אינסטינקטיוו אויסגעצויגן אויף דער ערד. באַלד זענען מיר ווידער אויפגעשפּרונגען און פאָרגעזעצט

רפאל וינשטיין

# בצלאל מגידיי - שורות לזכרו

מחוייבים אנו להזכיר בספרנו את שמו של חברנו בצלאל מגידיי, שהיה הרוח החיה והכוח הפעיל והמפעיל בכל שטחי התעסקות נאמנה בחיים הציבוריים והתרבות דקהילתנו סמורגון. הוא היה מראשי העושים והמעשים שבתנועה הציונית בעירנו.

רבות עשה למען בית הספר „תרבות". השכם והערב דאג שהילדים העניים, אשר לא היתה להם האפשרות לשלם שכר־לימודים לא יישארו, חס וחלילה, בלי חינוך עברי לאומי. הוא, ביחד עם עוד חברים, גם כותב השורות האלה בכללם הגדיל לעשות לטובת החינוך העברי, הוא עמד במאבק חרוץ ובלתי־פוסק עם „ועד ההורים" שהתנגדו לזכות שניתנה למעוטי־האמצעים ללמוד בחצי השכר הקבוע בבית הספר הנ"ל. כדי לכסות את גרעון התקציב היה מסדר כל מיני מפעלים, עורך הצגות דראמאטיות, מארגן מגבית מיוחדת, קובע נשפים, מכונן סרטים. את תכניותיו הוציא לפועל במסירות ובעקשנות שלא ידעו הרתעות וויתורים, כל מרצו היה קודש למטרה נעלה זו.

כי לא נקל היה לגייס את השחקנים והשחקניות להצגות אלו. יש שהיה צריך לשדל את ההורים, לדבר על לבות האמהות כי בנותיהן תשובנה אחר שעה, וההצגה בדרך כלל נמשכה שעתיים ויותר.

הוא אירגן אגודת „חובבי הבימה". ההכנסה מההצגות חולקה בין מוסדות החינוך, „החלוץ" והספרייה.

כזקיף העומד על משמרתו כך עמד בצלאל מגידיי במאמץ מתמיד למען הפעולה הציונית והלאומית־תרבותית.

פתיל חייו קופד בלא־עת. הלך לעולמו בהיותו כבן 29 שנים. לא זכה להגשים את חלומו האישי של התיישבות בציון. הוא תדיר השתדל שאחרים יעלו, והיו הם החלוץ והוא המאסף.

מעטים היו בתוכנו בימים ההם כמותו חבר דגול ורב פעלים. זכור נזכור את מעשיו ושמו וזכרו חרותים עמוק בלבותינו.

תהא נשמתו צרורה בצרור חיי־עד של אומתנו.

ירושלים 8.4.62

# שלמה׳לי מגיד–נעים נגינות.

א.

געבוירן אין סמארגאן אויף דער קרקע ביי אָרימע עלטערן. געווען א גוטע נשמה, געלאַסן און באַשיידן. שוין פון קינדוויז האָט שלמה׳לי ארויס־געוויזן מוזיקאַלישע פעאיקהייטן. זיין לערנען איז אים נישט אזוי גרינג אָנגעקומען. די מאַטעריעלע לאַגע אין הויז איז געווען שווער, אָבער דאָס האָט אים נישט אָפּגעהאלטן פון לערנען. גראָשן צו גראָשן פלעגט ער קלייבן דורך געבן פריוואַטע לעקציעס די יידישע קינדער פון סמארגאן, שפּילן אויף פאַרשטעלונגען, באַגלייטן מיט מוזיקאַלישע אימפּראָוויזאַציעס די דאן — נאָך שטומע פילמען — ביז ער האָט געקאָנט, נאָך פיל מי, אָנגענומען ווערן אין דער ווילנער קאָנסערוואטאָריע. דאָ האָט ער זיך אויסגעצייכנט אלעס באַגאַבטער שילער, מייסטער און ווירטואָז.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, הארט ביים ענדיקן די קאָנסערוואטאָריע, האָט שלמה׳לי אָנגעפאנגען שרייבן קאָמפּאָזיציעס, וועלכע זענען מיט דערפאָלג אויסגעפירט געווארן אין ווילנער קאָנצערט־זאַלן.

דער שרעקליכער גורל האָט פאַרשניטן אזוי שנעל דעם יונגן און שיינעם לעבן פון שלמה׳לי מגיד. טיף אין אונדזער נשמה קלינגען זיינע הארציקע לידער, די נאָבעלע מאָטיוון, אזוי גלייך ווי פאַר די אויגן אונדזערע שטייט זיין בילד מיטן בארמהערציקן שמייכל פאַר יעדן מענטש...

**ביילע בער**, פריער מאגיד, מאָנטרעאל, קאנאדע.

ב.

ווער האָט אין סמאָרגאָן נישט געקענט שלמה׳לי דעם פידלער? — אלע האָבן אים געקענט און ליב געהאַט. ער מיט זיי פידעלע זיינען געווען איינס. זיין גאנץ לעבן איז געווען אויסגעפילט מיט קלאנגען און שיינקייט. זיין מוזיקאַלישע טעטיקייט האָט זיך אָנגעפאנגען נאָך פון דער „תרבות״־שולע, ווו ער האָט

געלערנט די קינדער שפּילן אויף פידל, שפּעטער האָט ער געגרינדעט אַ אָרקעס־טער אין וועלכער ס׳האָבן אָנטיילגענומען זיינע שילער. ווען איך בין נאָך אַ קליין מיידל געווען, געדענק איך זיין באַגלייטן די פילמען ביי סמאָלענסקי אין מויער אויף גאַרבאַרשע גאַס — דאָרט איז דער קינאָ געווען, נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה. ער האָט זייער פיל מיטגעמאַכט אין זיין קורצן לעבן. נישט לייכט איז אים אָנגעקומען ביז ער האָט דערגרייכט זיין ציל. שוין צו 7 יאָר, זייענדיק אַלעס קינד פון פאַרטריבענע (בעזשינצעס) אין רוסלאַנד, ביי אָרימע און נישט יונגע עלטערן, פאַנגט ער אָן אַרויסווייזן קינסטלערישע פעאיקייטן צום שפּילן. צוריקומענדיק נאָך דער ערשטער וועלט־קריג אין דער צעשטערטער סמאַרגאָן, מוז ער אַרבעטן שווער און גלייכצייטיק לערנען. פאַרנדיק טעלעכע מאָל דורכן וואָך פון סמאַרגאָן קיין ווילנע זיך לערנען אין דער קאָנסערוואַטאָריע — פלעגט ער מיטנעמען פעקלעך צו פאַרקויפן אין די יידישע הייזער, כדי צו פאַרדינען פאַרן לערן־אָפּצאָל און פאַר זיין אייגענער אויסהאַלט.

אין 1937 הייראַט ער מיין מומען, ביילע כ״ץ. ביים אויסברוך פון קריג אין 1941 ווערט ער מאָביליזירט אין דער רויטער אַרמיי און פאַלט אויף סמאָלענסקער פראָנט. שלמה׳לי מגיד איז אומגעקומען און וואָס געשעט מיט זיין פידעלע?

ווי אַ אויג אין קאָפּ האָט זיין פרוי ביילע אָפּגעהיט דעם לעצטן זכרון פון זיין לעבן — דאָס פידל. פון איין לאַגער צום צווייטן האָט זי עס געפירט מיט זיך און אויסבאַהאַלטן, גלויבענדיק, אַז כל־זמן דאָס פידעלע וועט גאַנץ זיין, וועט אויך שלמה׳לי צוריקומען. איבער 3 יאָר נאָכאַנאַנד, פון טאָג צו טאָג ביז צו דעם 27.3.1944 אין קאַשודאַרער לאַגער האָט זי דורך פיל סכנות אויסבאַהאַלטן דעם לעצטן געדעכעניש פון שלמה׳לען. אין דעם טאָג, דעם וויסטן און פינצטערן, האָבן די היטלערישע מערדער צוגערויבט דאָס פידל און אוועקגענומען פון דער מוטער שלמה׳לעס 6־ יאָריקער, שיין און גראָטן מיידעלע, אויפן וועג פון פייך און אומקום.

אַ נאַכט פריער האָט דאָס שיין הינדעלע (אַזוי האָט געהייסן זייער טעכטערל) געזעסן אויפן גאַניקל פון געטאָ באַראַק און האָט געזונגען — פאַר זיך אַליין, ווייל דעם טאָג איז אויסגעפאַלן איר געבורטס־טאָג, מיט איר קלינגענדיקער וואַרימער שטימע — דאָס קינדער־ליד פון געטאָ:

„דער קאָמענדאַנטעלע אינעם גרינעם מאַנטעלע
שטייט ביים טויער...
זינג איך מיר אַ לידעלע, שפּילט אין האַרץ אַ פידעלע,
שפּילט מיט טרער און טרויער...״

הירשעלע — צבי לוין

# דאס פידל ליד

(נאך א קאנצערט־אוועט אויסגעפירט
דורך סמארגאנער ווירטואז.
שלמה׳לע מגיד).

שטיל, —
א לידל
שפילט דער כלי־זמר
אויף זיין פידל.
ער שפילט פארגאפט,
ער שפילט פארטראכט
ווי פארפרוירן,
די חושים פארלוירן,
ער שפילט אויפן פידל
זיין אלט לידל.

און די סטרונעס —
זיי ווייען,
דערהויבן געשרייען
און קרעכצן ביטער
ווי בייזע געוויטער.
און רייסן אויס מיט קראך
פונ׳ם פידל פלאך.
זיי פליען אין הויכן
מיט ווינטן און רויכן
— פאר׳ן כסא הכבוד.

זיי אנטפלעקן
אלע שרעקן
פון דור־דורות;
גווילים פון ספרי־תורות...
קדושים אויפן מזבח פון קנאה
אינם פלאם פון פעלקער שנאה... — —

און געברענט, און געטריבן
פאר זיך נאמען דעם ליבן.
און געפייניגט און געשמיסן — — —
אז ימען בלוט זיך גיסן
פון הערצער דורכגעשטאכענע..
דאס בלוט,
עס זידט, און קאכט וואס־מער־א־מאל.
נקמה! — שרייט עס אויפן קול...
ס'האט געענדיקט דער כלי־זמר
זיין לידל
אויף דעם צעריסענעם,
צעפליקטן פידל.

---

הערת המלבה"ד:

* שיר זה שלח צבי־הירש לעווין, בנם של בערל ומינצ'ע לעווין מסמורגון לאחיו שהיה מורה בפינסק בשנת 1937 ונדפס שם ב„פינסקער שטימע" באותה שנה ולא מלאו אז למשורר הצעיר יותר מ־13 שנים... עיקרם של טורים רוטטים אלה בתחושה העמוקה של ימי דמים באים... ידע הלב הצעיר מה שנבא, נספה בדרך לפונר.

שושנה פלבסקי (אלטע דנישבסקי)

# ר' זאב וואלף השמש



ר' זאב וואלף השמש

עולמו של אבא ז"ל בבית המדרש היה. ולא משום שהיה שמשה של תורה כל ימיו, גם־לא משום שהיה מתאבק בעפר רגליהם של חכמים — אלא משום אהבתו לבית עצמו; בתחום ד' האמות אשר בו יחד את חייו וצימצם את כל הויתו.

מעט מאד ראינו, אנו הילדים, אותו שוהה בבית, בין אנשי ביתו. ולא רק אנחנו, כל באי העירה ידעו כי ר' זאב־וואלף השמש בבית־המדרש הוא מצוי תמיד, רוב שעות היום ועד האשמורה בלילה.

אמנו, פשה, שולחת היתה אותנו הקטנים, לראות מה עושה אבא בבית־המדרש, שכן בושש היה לחזור לביתו ושוכח עתותיו של בשר־ודם לקיים, כפשוטו, את „בית־חמרו", וימים תמימים — כהלכתם היה מהלך ללא סעודה קלה.

כשהיינו מצווים, כאמור, ע"י אמנו לפקוד את שלומו של אבא, היינו מוצאים

אותו בבית המדרש הגדול מהלך באפלולית של הבית, דרך שפיפות, שלא להפריע את דומיתו, הולך־סובב את כתלי הבית פנימה, מחליק ידו על־כל חפץ בו, מעביר אצבעותיו בלטף על כיור הנחושת והנטלה הגדולה, מנקה במטלית שבידו את עמוד־התיבה וממרק את ה„שויתי" שלפניו. אז יעבור לבין שורות הספסלים ויציץ לתוך התאים של המתפללים שהיו צמודים במשופע לארכם של הספסלים — לראות אם גם אלה נקיים וסדורים. כך היה בודק והולך כל יום, את „בית חייו".

— אבא, היינו פונים אליו בהנמכת קול. אבא — אמא שלחה אותנו לשאול מתי תשוב הביתה, הארוחה מצנה...

אם שהיה נתון אז ר' זאב־וואלף השמש בעולם אחר או שלא הרגיש מלכתחילה בבואנו, לא היה אומר כלום. רק נותן בנו עיני חיבה וחיוך טוב היה משתפך על פניו המזוקנים, מצמיד אצבעו אל שפתיו ומנענע אותה ולוחש: נו, נו... בינו לבין עצמו. ולא היינו יודעים אז, אם זה היגוי של הסכמה או ביטוי של מבוכה כלשהי.

על־כל־פנים תמיד היה אבא נענה לבקשתנו והולך עמנו. שמחה היתה הליכתנו. לא שנהגנו, חלילה, קלות־ראש, אם־כי אחי, פסח'קע, לא היה בוסר גם מזה — שמחה היתה דרכנו, משום שכולנו היינו מהלכים בצוותא, עם אבא מהלכים וממקום של מצוה אנו הולכים ועתידים לחזור לשם למחרת.

בדרך הביתה היינו עוברים על־פני חנותו של דודנו, ר' יודא. דודנו, ר' יודא, גם הוא שמש של „קלויז" היה. אבל שלא כאבי, לא ניתק עצמו מהויות עולם ופרנסתו היתה על חנות העורות ברחוב בואכה לשוק. יודע היה הדוד את עתותיו של אחיו הבכור והיה מחכה מידי יום ביומו, למועד שובו של אבא, להגיד לו שלום. משהיה עובר אבינו את מפתן חנות העורות של אחיו, נדמה לנו, למלוויו, ילדי ביתו, שהנה חנות זו, שתמיד היא מדיפה ריחות של בורסקי — מתבשמת עכשו, קמעה, מריחה של תורה.

ור' יודא היה אומר:

— „יודע אתה, וועלוול אחי, רק כשאנו שנינו ביחד בחנות העורות — נטלים ממנה הרבה חלקים משׂשים מריחות העטרן והמשחה וכל זה בזכות בתי־המדרשות שאנחנו שמשים בהם"...

קיטון היה לאמנו, פשה, בבית המגורים הגדול שלנו. שם היתה עוסקת במלאכת האפיה. שהרי לא על אבא ז"ל פרנסתנו כי „מטל השמים צמוקות הלחים" — מרגלא בפומיה של ר' יודא דודנו. ולכן אמנו היתה ה„אשת־חיל" וממנה באו לנו „משמני הארץ". רואה היתה אמא את אבא הולך, מיד מנגבת ידיה בשולי הסינר וממהרת להקביל פניו ומתקינה את הסעודה.

אחר „ברכת המזון" פורש היה אבינו ל„חדר הגדול" כך נקרא בביתנו אותו חדר בו עמד ארון הספרים הגדול. עומד לו ר' זאב־וואלף השמש לפני

ארון הספרים ובודק אם־לא נתערבב חלילה, הקודש בחול, היינו, ספרים שלו וספרים שלנו.

רק בחדר הספרים נהנה אבא מ„שני שולחנות": לפרקים היה מוציא מהארון את ה„חולין" — מעיין ב„אחד־העם", קורא פרק ב„התועה" של סמולנסקין ומרווה צמאונו ממעין „השלוח" — כמאמרו. לאחר מכן, כמבקש למרק עוון השתקעות יתרה בספר של חולין — היה מוציא גמרא ויושב אצל השולחן ומתחיל ללמוד בה. ומנהגו של אבא כך היה: בין ספר של חול ולבין ספר של קודש היה נוטל ידיו...

שתקן היה אבי ז"ל. מעולם לא שמענו אותו מרים קולו עלינו ועל כל אדם אחר. כמעט שלא היה משיח עמנו ואף־על־פי־כן, היתה בנו ההרגשה ששום דבר אינו נעלם ממנו. חלה ילד בבית, היה שוהה שעה ארוכה על יד מטתו, מנענע בראשו ואינו אומר כלום ובצאתו מן הבית היה מניח „גולדן" (מטבע של זהב), שכר עמלו של חודש ימים, לרופא ולשאר דברים שיש להם צורך לגוף. בשעת מעשה זה היה אומר אל אמא: — „פשה, את הרופא הטוב תזמיני". ולא נתכוון באמירה זו אלא לד"ר אפשטין הצעיר (מי שעתיד היה להיות מייסדה ומנהלה של „הגמנסיה העברית" הראשונה בוילנא, זו שנקראה, לאחר מותו, על שמו).

הד"ר אפשטין, אציל רוח היה, נעים הליכות ומוקיר תלמידי חכמים. חיבה יתרה היתה נודעת הימנו לילדים. מספרים עליו, שכל אימת שהיה שומע בכיו של ילד מאחד הבתים בדרכו לבקר את חוליו, מיד היה נכנס לאותו בית, בודק לו לילד, מחבב עצמו עליו בדברי קילוסין ומיני מתיקה שהיו מצויים ב„תבת הרופאים" שלו.

את „מרשם התרופות" היה הד"ר אפשטין רושם אחד לטינית, כדין כל הרופאים, ואחד בלשון הקודש. והיה מבקש וחוזר שאותו נוסח עברי של הרפואה ירשם ב„טרף" הארוך שהיו מצמידים בימים ההם לבקבוק הרפואות. אבא ז"ל היה ממכבדיו של הרופא וכשזה היה דורש בשבת ב„מנין של הציונים" דרשה בענין „העלאת ארוכה בת־עמי" — היה פורש אבי מבית מדרשו, מוסר הוראותיו לשמש־משנה והולך בשמחה להתבשם מדבריו של הד"ר אפשטין „הציוני".

משפרצה המלחמה הראשונה בשנת 1914 הקדימה ויצאה משפחתנו את העיר ובאה לפולטבה. אבא נשאר בסמורגון. לשמר את בית־מדרשו נשאר. לא הואילו ההפצרות אף לא התערבותו של רב העיר, ר' מנשה גינזבורג — הוא בשלו: „אין עוזבים, השם ירחם".

רק משנודע לנו כי החזית הולכת וקרבה אל סמורגון, הבהלנו את אבינו לבוא ולהצטרף אלינו עד יעבור זעם. מהשרפה הגדולה שנשרפה העיר — מחורבנה של קהילה קדושה, הציל ר' וואלף השמש שני ספרי תורה. אחד מסר ליהודי

מסמורגון שעשה דרכו בעגלה עם משפחתו למולודצ׳נה ומשם למינסק. את ה„ספר״ השני לקח עמו להביא לחרקוב, לשם עברנו מפולטבה העיר. גרנו בחצרה הגדולה של בן־עירנו ה„גביר״ צורקמן, הסוכן הראשי למסחר עורות בסמורגון, לכל רוסיה רבתי, כולל מחוזות הצפון והדרום. בחצר זו נתכנסו רבים מפליטי החרב והאש, אנשי עירנו. וכדי שלא תשבות תפילה ותורה משרידי הקהילה בנכר, עמד הגביר צוקרמן, ובנה בית־מדרש בחצרו, בחינת „מקדש מעט״. מובן מאליו שאבא חזר לשמשותו.

הכניס ר׳ זאב־וואלף את „הספר״ לארון־הקודש והיה מבקש שיהיו קוראים רק בו, כדי למשוך על אנשי עדתו ועל עצמו — מזיוה של עיר שהיתה למשואות. „בקלויז״ של צוקרמן בחרקוב רגילים היו להתפלל ב„מנין ראשון״ לרבות בשבתות; ומעשה שקרה ולא חזר אבא מבית המדרש לאחר תפילה. עברה שעה ארוכה ור׳ וואלף השמש איננו. שעת־הצהרים, מחפשים את השמש, שמא הלך ל„שמחה של מצוה״ — לא מצאוהו. העריב היום וכבר עלו בפאתי הרקיע של „חצר״ צוקרמן שלשה כוכבים — ועדין לא חזר. נכנסה הדאגה בלבנו ויצאנו לחפש את אבינו בכל העיר. בשעה מאוחרת חזר.

היכן היה?

שבת — ונינוח היה, יצא לבקר את כל בתי המדרשות ה„קלוזים״ וה„שטיבלאך״ אשר בחרקוב העיר, הלך מבית־אלהים אחד למשנהו. הביט וראה שאכן אלהים מצוי במקום הזה. מנה וספר את כל בתי־המדרש בעיר ומצא שעור מנינם מגיע ל־ח״י בתי מדרש...

נסתיימה המלחמה וחזרנו לסמורגון. נתדלדלה המשפחה, אמא נפטרה ברוסיה. אבא חזר אל הריסות עירו. בית־מדרשו היה חרב; ועד שלא קוממו הריסותיו היה גם עולמו חרב. לעת־זקנה זכה להיות שמש ראשון של סמורגון.

משגברו „המכים״ בפולין ושנאת־היהודים הצמיחה רוש ולענה בכל שטחי החיים, בקש אבא לעלות לארץ־ישראל.

ר׳ וואלף השמש פנה אל הרב קוק זצ״ל, שהכירו עוד מזמן שעשה כצורבא דרבנן בישיבה של סמורגון. הרב הבטיח במכתב לעשות כל המאמצים כדי לקרב עליתו.

ולא זכה אבי. בתרצ״ד הוציא נשמתו בטהרה. ב„שבעה״ לפטירתו מצאו בני ביתו את חליפת־המכתבים בינו ולבין הרב קוק ז״ל. רבים מתושבי העיר באו לנחם אבלים ולשתף עצמם בצער המשפחה, מהם שבאו להחזיר חובות...

כיצד? — התברר שכל ימיו עסק ר׳ זאב־וואלף השמש ב„מתן בסתר״.

יעקב דאנישעווסקי

# דער סמארגאנער תהלים ייד

אין 1915 האָט מען אונדז ארויסגעטריבן פון סמארגאן.

אין 1922 זיינען מיר געקומען צוריק קיין סמארגאן. געפונען א חרובע שטאָט.

איך האָב דורי יאָר געקרענקט, געהאט א הארץ-פעלער. דאָקטוירים האָבן געהייסן מיר געבן עסן חזיר פלייש און פעטס. וועט עס מיך, אזוי האָבן זיי פארזיכערט, אויסהיילן פון מיין הארץ-קראנקייט.

דער פאָטער איז געווען א פרומער ייד. איז ווי וועט ער טריפה מאכן זיין זון? פלעגט ער יעדע נאכט גיין אין בית-מדרש זאָגן תהלים אוז בעטן ביים רבונו של עולם אז זיין זון זאָל געזונט ווערן פון עסן א סך פוטער און זאָל אויסגעהיט ווערן פון עסן חזיר. האָט מען מיר געגעבן שלינגען שטיקער פוטער אנשטאט חזיר פעטס. איך האָב זיך גענומען בעסערן און דערנאָך געזונט געוואָרן. מיין טאטע האָט געגלויבט און עס אלעמען געזאָגט, אז דער אויבערשטער, א דאנק זיין תהלים זאָגן, האט געראטעוועט זיין זון.

דער פאָטער האָט שטארק געהאלטן פון דער מצווה הכנסת אורחים. פלעגט ער אין בית מדרש נאָכן דאווענען, דערהויפט פרייטיק-צו-נאכטס, זיך זאָמען אין בית מדרש און זען ווער פון די אורחים איז איבערגעבליבן און קיינער האָט זיי ניט מיטגענומען מיט זיך אהיים. פלעגט ער נעמען אָט-די אלע איבערגעבליבענע, פאר וועמען דער שמש האָט ניט געקאָנט קריגן קיין פלעצער. אמאָל פלעגן זיין א זעקס פארשוין. אז די מאמע פלעגט דערזען די כאפטע עסערס, פלעגט זי נעמען שרייען:

— ברוך, וואָס האָסטו געטאָן. ביזט, שונאי-ישראל, געווירט?! זעקס אורחים! דו מאכטס אונדז בדיל-הדל... זי האָט פון פארצווייפלונג שיעור ניט געוויינט.

— גיטל סערדצע. עס זיך ניט אָפ דאָס הארץ! פון א מצווה ווערט מען ניט בדלות. הכנסת אורחים איז גאָר א גרויסע מצווה, און דער אויבערשטער איז א בעל-בטוח. ער וועט אונדז באצאָלן בכפלי-כפליים. צוליב די אורחים וועט אריין א ברכה אין אלע אונדזערע טואונגען און מיר ווערן גאָר רייך ווערן. ניט אָרעם...

ערב פסח פלעגט ער צעטיילן מצה שמורה צו די יידן פון גאנצן געסל אונדזערן. דאָס אייגענע חרוסת. ערשט אז ער איז פארטיק געוואָרן מיטן צוטיילן אלע שכנים זייערע פארציעס, פלעגט ער מיט דביקות אָנטאָן דעם קיטל און זיך זעצן פראוועון דעם סדר מיטן גאנצן „טשאק”, מיט א כאָר ווי א קאפעלע. אלע זין

און די טעכטער האָבן געהאט גוטע שטימעס, אזוי אז ביי אונדז האָט זיך דער „סדר" פארצויגן ווייט נאָך חצות, און די שכנים, וואָס האָבן זיך שוין געהאט אָפּגעפּאַרטיקט, פלעגן שטיין ביי אונדז אונטער די פענצטער און זיך צוהערן און אָנקוועלן פון די ניגונים.

פיר פארטאָג פלעגט דער טאטע אויפשטיין און אוועקגיין דאוונען מיטן ערשטן מנין. ער פלעגט מיטנעמען א גרויסן לאבן ראזעווע ברויט און עס צעטיילן אין בית-מדרש צו ד אָרעמע לייט, וואָס האָבן דאָרט גענעכטיקט הינטערן אויוון. די יאטקע אונדזערע איז געווען לעבן שולהויף. צוליב זיין דאוונען און דערנאָך זאָגן תהילים און מעמדות פלעגט ער זיך פארזאָמען. איז די יאטקע יעדן טאָג כמעט באלאגערט געוואָרן פון גויים קונדן, וואָס פלעגן אָפּקויפן די טריפה פלייש פון א קו וואָס איז טריפה געוואָרן, אָדער פון הינטערשטן חלק פון א כשרער קו אָדער אָקס.

אז איינס פון די קינדער פלעגט קומען מיטן שליסל עפענען די יאטקע, פלעגן די קונדן, אים ארומרינגלען און פרעגן:

— בארושקי, גדיע ברוך? (קליינע ברוכליך, ווו איז ברוך?).

דער ענטפער איז תמיד געווען איין וואָרט:

— מאליטסיא (ער דאוונט).

יעדן שבת בין מנחה למעריב פלעגט ברוך זאָגן אין בית-מדרש „אשרי תמימי דרך" (תהלים קי"ט), דעם לענגסטן קאפיטל תהלים אויף אויסווייניק, זאָגן עס מיט א זיסן ניגון. ער האָט געהאט א זייער געשמאקע שטימע.

# כאצקל דער שמיד

ימים נוראים אין סמארגאן. עס הערשט א מאָדנע שטילע יום טובדיקע שטימונג. פארנאכט פון יעדן יידישן פענסטער קוקן ארויס די ברענענדיקע ליכט, אזוי ווי שטערן זענען זיי אויס.

גייען, עלטערע, יינגערע, אויך קינדער, אויך פרויען באשיידן און שיין מיט די טיכלעך אויף די קעפּ. אלע איילן זיך, נישט צו פארשפעטיקן צו „כל נדרי".

אין דער קליינער שול אויף קרעווער גאס דאוונט דער בעל תפילה „כאצקל קוזנעץ" — „כאצקל דער שמיד". איילן זיך אלע אים צו הערן. זיי זאָגן: אז ער דאוונט, קען מען זיך ניט געבוג אויסוויינען. ווייל זיין שטים קלינגט זייער הארציק און דער עיקר — מען וויס שטענדיק ווו מען האלט. כאצקל דער שמיד איז געווען ניט נאָר א גוטער בעל-תפילה, ער איז געווען זייער אן ערלעכער און גוטער ארבעטער און א בכבודיקער ייד אין שטעטל. ער פלעגט שטענדיק זיין אויף דער זייט פון אמת און גערעכטיקייט און דערפאר האבן „עמך" פון אים געהאלטן. ער איז ממש געווען פארהערלעכט פון זיי. ער איז געווען א פאָרשטייער אין מאגיסטראט. אין אזוי גערופענער גמינע אויסגעקליבן פון די האנטווערקער. ער איז אויך געווען א מיטגליד אין קאָמיטעט פון גמילות חסד, און אויך אין עלטערן קאָמיטעט פון דער אָרטיקער „תרבות" שולע. ער איז אויך געווען דער פאָרזיצער פון „לינת הצדק". דאָרט זיינען מערסטן טייל די מיטגלידער געווען פרויען כלל-טוערינס פון סמאָרגאָן, ווי מינצע לעווין, די אקושערין פישער און אנדערע. כאצקל איז איינמאָל גייענדיק בייגאכט שפּעט פון א פערזאמלונג פון „לינת הצדק", באפאלן געוואָרן פון די פוילישע ענדעקעס. מען האָט אים זייער שטארק צעשלאָגן. ער איז לאנג געלעגן צו בעט פון די קלעפּ. נאָר דאָס האָט אים ניט אָפּגעשראָקן ווען עס האָט זיך געהאנדלט וועגן געזעלשאפטלעכער ארבעט און הילף פאר א צווייטן. ער איז געווען פול מיט ענערגיע און באשאָנקן מיט א גוט הארץ. העלפן א צווייטן איז געווען זיין לעבן, זיין חיות. אפילו די גויים פון די ארומיקע דערפער פלעגן קומען צו אים ווי מען קומט צו א גוטן יידן, און ער פלעגט קיינעם נישט ארויסלאָזן אָן אן ענטפער, אָן הילף. נאָר די מערדערישע הענט פון די נאציס האָבן אומגעבראכט דעם 49-יאָריקן ווולן מענטשן און ערלעכן כלל טוער און דער ניגון פון דעם גוטן בעל תפילה „כאצקל דער שמיד" — איז פארשטומט געוואָרן.

לעבן זאָל זיין אָנדענק.

משה מקלר

# ר' מאיר סופר סת"ם



ר' מאיר סופר סת"ם

ר' מאיר סופר סת"ם מסמורגון. דמות מוכרת היטב בסמורגון היה ר' מאיר הסופר, או כפי שנקרא בפי הבריות ר' מאיר החסיד. הוא נולד בוילנה, נצר למשפחת לומדים וסופרים. אביו — מגיד מישרים, למדן ומחבר ספרים תורניים, אחיו פרץ וירניק, סופר ועתונאי היה רבות בשנים עורך ה„מורגן זשורנל" בניו־יורק. ר' מאיר היה דמות מופלאה רבת־גונים ועשירת־תוכן, למדן ובקיא בספרות החסידית. לא היה ספר חסידי מימי הבעש"ט עד אחרון המחברים בימיו, שלא רכש אותו, או השיגו וקראו וידעו על פה כמעט. לאחר „שנהפך" לחסיד במקרה (משפחתו משפחת מתנגדים חריפים לחסידות), נהיה לאחד מעמודי התווך של חסידי קוידנוב. לאחר שהתישב בסמורגון ראה לפניו עיקר יעודו בהקהלת קהילות והפצת רעיון החסידות ברבים. היה מחונן בכל הכשרונות הדרושים למשימה זו: בקיאות עצומה בנושא, כשרון ביטוי וסגנון מלוטש. כשהיה פותח פיו בדברי תורה או חסידות וספורי חסידים היה מקסים קהל מאזיניו ומחזיק שומעי לקחו במתח זמן בלת־מוגבל; וזוכרני שהיו שבילו לילות שלמים עד אור הבוקר במחיצתו.

מה שהטיף לקהל חסידיו היה בעיקר ערך השמחה ונזק מהעצבות, כי העצבות היא אם כל חטאת, בעצבות ראה ר' מאיר חוסר חיוניות, כניעה והשלמה עם הגורל. מרה שחורה לפיו היא הסיבה לכפירה.

ומכאן הוא בא לעצם התפקיד של הנגינה והשירה. הוא ראה בנגינה גילוי רצון אלקי. הוא שמע בה את מנגינת היקום. והוא האמין שיש בה כוח משחרר מכל העניינים הפעוטים והדברים השפלים של החיים היום־יומיים. ומפני זה הרבה בעריכת מסיבות לכל עת מצוא בביתו, אשר הצטיינו בשירה וריקודים עד כלות הנפש. וכן נהג להתפלל בדביקות ובכוונה, שחשבן לאחד מעיקרי היסוד שלו. על דביקותו, אמונתו ובטחונו מעיד הסיפור הזה ששמעתי מפ"ו „פעם הייתי נתון ביסורים וכל מיני סבל, צער גידול בנים וכד' ורציתי לשפוך לבי לפני הרבי. באתי לקוידנוב ביום ו' עש"ק, בשעה 11 לפני הצהריים וקודם שגמרתי תפילתי כבר אמרו לי שכ"ק מרן האדמו"ר שליט"א יושב אל שולחנו. נכנסתי לקבל שלום וציווה עלי ליטול ידי לסעודה. וביושבי ליד השולחן סדרתי בדעתי כל הדברים שאני מוכן לגול לפניו. ובזה התחיל מרן האדמו"ר לספר מעשה:

כאשר באו האחים הק' רפ' בעל הפליאה ואחיו מוהר"ש מניקלסבורג בפעם הראשונה להמגיד הקדוש ממזריטש ונכנסו לקבל שלום, ביקשוהו שיאמר להם פירוש הגמרא „חייב כל אדם לברך על הרעה, כשם שמברך על הטובה" הייתכן? הלא מטובה מרגישים בטוב ומרע מרגישים ברע.

וענה להם המגיד הקדוש: „אני איני יודע מה להשיבכם לכו לביה"מ שלי שם יושב איש אחד ושמו זוסיא ותשאלו אותו". וכב' זוסיא הקדוש היה ידוע לכל העולם כאיש עני ואביון ומדוכא ביסורים קשים ומרים שלא היה כמוהו בעולם. נכנסו האחים הקדושים אליו לביה"מ ואמרו לו: רבינו שלח אותנו אליך, לתרץ לנו ולהבינינו פירוש גמרא הנ"ל. ענה ר' זוסיה ואמר להם: מה הרבי רוצה ממני, איך אוכל להשיבכם? שאלה כזו צריכים לשאול מאיש אשר לפעמים טוב לו ולפעמים רע לו, חו"ש, אבל אנכי מיום היוולדי עד היום טוב לי מאד מאד ולא היה לי מעולם אפילו רגע לא טוב ומה אני יודע להשיבכם על עניינים כאלה אשר אין לי שייכות להם כלל.

והבינו האחים הק' כי רבם הק' שלח אותם לר' זוסיא, כי זה האיש הק' יתן להם את התירוץ הנכון לשאלתם.

ובנתי תיכף שכב' מרן האדמו"ר שליט"א הרגיש במחשבותי וזה המעשה שימש תשובה על הכל ועל כל אשר אתי. וכך החדיר והדביק באמונתו את קהל מעריציו ולמד אותם להתגבר על פגעי החיים והסבל. ר' מאיר שרה כל ימיו באקסטזה דתית בצמאון לאלקים. ומכאן רחמיו על הבריות שנבראו בצלם. הוא היה לא רק נאה דורש אלא גם נאה מקיים. לבו היה מלא צער על היהודים המטופלים בנשים ובנים ולא היו להם מקורות פרנסה כדי לכלכלם, והוא קיים בפועל ממש הצו המוסרי: „פרוס לרעב לחמך, כי ראית ערום וכסיתו".

היה מקבל סכומים הגונים מדי חודש בחדשו מאחיו באמריקה. כשקבלם היה מפריש מהם לצדקה, מחלק מתנות לעניים וגמ"ח לנצרכים ולמחרת נשאר בלא פרוטה. מעולם לא ישן יותר מחמש שעות ביממה, היה עולה על משכבו אחר־חצות ובשלש בלילה קם ללמוד ולהגות בספרים.

את מלאכתו, מלאכת הסופרים, היה עושה בקדושה וטהרה, בדהילה ורחימה, מבלי להוציא הגה מפיו בשעת עבודתו־כתיבתו.

ספרתי רק מעט מזעיר מפעליו ומעשיו, לא אני האיש המסוגל לתאר את האיש הדגול מרבבה, מרובה האנפין והגוונים, בעל לשון הממללת אמרי שפר. חבל שכתביו, פרי רוחו, אשר הכילו אוצר בלום של מחשבה והגות, אבדו יחד עמו עם שארית משפחתו בוילנה בשואה הגדולה של יהדות פולין.

# ברטה שיין ז״ל



נולדה בסמורגון ב־23.12.1900 להורים אסתר ריבה ור׳ אברהם אליעזר הלוי הורביץ הידוע בשם אברהם לייזער דער חסיד. בת 16 היתה כפליטה ברוסיה עם הוריה ומשפחתה כמו כל אנשי סמורגון.

נישאה ברוסיה לאהרן שיין מסמורגון, ובשנת 1924 חזרה לסמורגון כברטה שיין ופתחו חנות לנעלים עד לעליתם ארצה בשנת 1935.

בארץ התישבו בחדרה וכעולים הדשים התחילו להסתגל לתנאי הארץ החדשה. ברטה שהיתה בעלת מרץ רב כשלא יכלה להסתדר במסחר כפי שהיתה בסמורגון, עבדה בזמן הראשון בעבודות בנין וצבעות. בשנת 1937 חוזרת ברטה למסחר ופתחה חנות מכולת בשותפות עם ראובן רודנסקי, ולאחר שהשותף עזב את הארץ וחזר לסמורגון נשארה ברטה ומשפחתה בארץ ומסתגלת לתנאי הארץ בכל מצביה.

בשנת 1945 כשאנשי סמורגון בישראל נחלצו עזרת אחים ניצולי השואה היה זה טבעי שברטה היתה בין הראשונים. היא נבחרה כחברת הועד

של ארגון יוצאי סמורגון ומאז ועד ימיה האחרונים היתה הרוח החיה, הפעילה ומפעילה אחרים. ברטה היתה בעלת כח זכרון רב, חוש התמצאות ושפוט נכון ומהיר והתמכרה בכל מרצה ומאודה לעבודת הארגון. את זמנה היא חילקה לדאגת המשפחה ולארגון יוצאי סמורגון.

בשנת 1949 מתחילה משפחת שיין לבנות את ביתם. אולם בשנת 1950 מת בעלה אהרון שיין. ברטה האלמנה שכל נטל ועול הדאגה של הבית נופל עליה גם אז היא מוצאת את הזמן הנחוץ לעבודת הארגון, ולמרות המצב הכספי הדחוק של ברטה לא מונע ממנה לבוא לעזרת אנשי סמורגון ניצולי השואה שבאו לארץ. ביתה היה פתוח לכולם, וכל מי שנזקק לעזרה ותושיה, קשי רוח ומרי נפש, היו באים לברטה והיא עזרה לכולם, והשתדלה שגם אחרים יעזרו. ברטה איכסנה בביתה אנשים עד שהשיגו דירה. אצלה קיבלו בית, אוכל, ובגדים. גם חתונות סידרה ברטה בביתה לניצולים שהגיעו ארצה ולא היה להם כל עוזר. היא עצמה היתה מסתפקת במועט, אולם לזולת עזרה ביד רחבה וברוח נדיבה.

העול שרבץ עליה ושקיבלה עליה מעצמה, השפיע על מצב בריאותה ובשנת 1956 היא לקתה בשיתוק חלקי בחצי גופה, וגם במצב זה כשלא היתה כבר בכושר בריאות מלא, עוד המשיכה להתמסר לעזרת הזולת שראתה בזה עבודת קודש. וגם בסוף ימיה כשנבצר ממנה להתנועע והיתה רתוקה לבית ואחר כך למיטה עד ימיה האחרונים, היתה מתעניינת ודואגת לעבודת הארגון. וכשהיינו מבקרים אותה בזמן האחרון דאב הלב לראותה. הזאת היא ברטה? בעלת המרץ הרב ושופע חיים? גם כשהדיבור כבר היה קשה עליה, היתה שואלת ומתעניינת בעבודת הארגון.

כל אלה שהכירו ועבדו אתה, וכל אלה שנעזרו על ידה יזכרוה לטובה.

נפטרה לאחר מחלה קשה וממושכת ביום י״ג תמוז תשכ״ב בחדרה.

ברוך סוצקובר

## ח. נ. ביאליק / בְּעִיר הַהֲרֵגָה

...קוּם לֵךְ לְךָ אֶל עִיר הַהֲרֵגָה וּבָאתָ אֶל הַחֲצֵרוֹת
וּבְעֵינֶיךָ תִרְאֶה וּבְיָדְךָ תְמַשֵּׁשׁ עַל הַגְּדֵרוֹת
וְעַל הָעֵצִים וְעַל הָאֲבָנִים וְעַל גַּבֵּי טִיחַ הַכְּתָלִים
אֶת הַדָּם הַקָּרוּשׁ וְאֶת הַמֹּחַ הַנִּקְשֶׁה שֶׁל הַחֲלָלִים.
וּבָאתָ מִשָּׁם אֶל הֶחֳרָבוֹת וּפָסַחְתָּ עַל הַפְּרָצִים,
וְעָבַרְתָּ עַל הַכְּתָלִים הַנְּקוּבִים וְעַל הַתַּנּוּרִים הַנִּתָּצִים,
בִּמְקוֹם הֶעֱמִיק קִרְקֵר הַמַּפָּץ, הִרְחִיב הִגְדִּיל הַחוֹרִים,
מַחְשׂוֹף הָאֶבֶן הַשְּׁחוֹרָה וְעָרוֹת הַלְּבֵנָה הַשְּׂרוּפָה,
הֵם נִרְאִים כְּפִיּוֹת פְּתוּחִים שֶׁל פְּצָעִים אֲנוּשִׁים וּשְׁחוֹרִים
אֲשֶׁר אֵין לָהֶם תַּקָּנָה עוֹד וְלֹא תְהִי לָהֶם תְּרוּפָה,
וְטָבְעוּ רַגְלֶיךָ בְּנוֹצוֹת וְהִתְנַגְּפוּ עַל תִּלֵּי־תִלִּים
שֶׁל שִׁבְרֵי־שְׁבָרִים וּרְסִיסֵי־רְסִיסִים וּתְבוּסַת סְפָרִים וּגְוִילִים

*

וְקָפַצְתָּ מִשָּׁם וְיָצָאתָ — וְהִנֵּה הָאָרֶץ כְּמִנְהָגָהּ,
וְהַשֶּׁמֶשׁ כִּתְמוֹל שִׁלְשֹׁם תְּשַׁחֵת זָהֳרָה אַרְצָה... — — —

ליבע עלגין

# צוויי לידער

## מיין דבורה׳לעס פארטרעט

אויף דער וואנט, לינקס פון מיין בעט
הענגט מיין דבורה׳לעס פּאָרטרעט.
אָפּטמאָל — אין מיטן נאכט — —
ווען איך בענק נאָך איר און טראכט,
זע איך: זי קוקט אויף מיר.
הער איך: זי רעדט צו מיר:
„מאמע, איך וויס; עס איז דיר באנג,
דער קריג וועט נישט געדויערן לאנג.
דריי יאָר האָסט דו דיך ברויט מיר אָפּגעגעבן
און דו אליין אין הונגער און פּיין געלעגן.
מאמע, איך געדענק אז פון נאכט שיכט
א קארטאָפּעלע באהאלטן פאר מיר
און ביים ענדע ביסט דו געבליבן
שטיין ביי א פארמאכטער טיר...״

## קייזער וואלד

איך געדענק דיך גוט
אז דיין געלער זאמד
האָט זיך געבאָדן אין אונדזער בלוט.

קייזער וואלד,
דו מערדער פון די מענטשן
דו האָסט געשלונגען די מענטשן אָן א שיעור
אויף מיין בלוט איז דאָ אין דיר.

מאריאשע יענטעס

# חורבן סמארגאן

צום אָנדענק פון אלע סמארגאנער חברים און חברות, וואָס זיינען צוזאמען מיט מיר ארויס זומער 1942 פון סמארגאנער געטאָ אין לאגער (וווהין מ׳פירט אונדז האָבן מיר נישט געוווסט). אָבער כמעט קיינעם איז ניט ארויף אויפן געדאנק, אז דאָס איז דער סוף, אז מיר וועלן סמארגאן שוין קיינמאָל ניט זען.

---

פון אָט-דעם ערשטן טראנספּאָרט זיינען געבליבן ביים לעבן, אפשר, צוואנציק סמארגאנער און, מעגלעך, ווייניקער.

לאָמיר, מיר איבערגעבליבענע, ניט פארגעסן אָט-די אלע אומשולדיקע, וואָס האָבן געגלויבט אז גערעכטיקייט וועט באהערשן די וועלט, וואָס האָבן געהאָפט צו זען אונדזער ישראל־לאנד — און זיינען אומגעקומען. לאָמיר זיי זאָגן: אייך, טייערע חברים און חברות וועלן מיר תמיד געדענקען.

ווען איך גיי פארביי א באן-לינע (מיר האָבן אלע געארבעט ביי דער „שטרעקע", ביי א בערגל שזוויר) און זע מענטשן שטייען און ארבעטן מיט קירקעס און רידלס, ווען איך טרעט אויף די שפאלן פון דער באן-לינע, זע איך אייך אלעמען. אָט, דוכט זיך מיר, זיינען אסתר, פאַנקע, ראזקע, בתקע, אייזיק, יאשקע, אברהמקע און נאָך און נאָך אנדערע. זיי שטייען און ארבעטן דאָרט. איך דארף בלויז צוגיין, א קוק טאָן און א רוף טאָן, און זיי וועלן זיך אָפּרופן און האָבן צו מיר טענות:

— פארוואָס גייסטו שטענדיק אוועק אין דאָרף? מיר האָבן געהאט צרות פון דיר. יאשקע האָט געמוזט זינגען, און אברהמקע פארדרייען דעם קאָפּ די אויפזעער, זיי זאָלן זיך ניט כאפּן אז עס פעלט ווער...

איך וויל זיך פארענטפערן און זיי באווייזן דאָס שטיקל ברויט, וואָס איך האָב געבראכט, די שטיקל צעריסענע צייטונג, מיט „נייעס" וואָס זיינען איבער צוויי מאָנאטן אלט.

כ׳גיי צו. עס ארבעטן גאָר אנדערע מענטשן. ווו זיינען די לאטעס? ווו איז דער פּחד און ציטער אין זייערע אויגן? ווו זיינען זיי? ווו! ווו!

און איך דערמאָן זיך, שוין צוואַנציק יאָר אַוועק. און איך רייד צו זיך:

— דו ביסט די, וואָס איז געבליבן לעבן. אויף דיר ליגט די פליכט צו דער־ציילן וואָס עס האָט פּאַסירט. און מענטשן וועלן נישט גלויבן, אַז די שוואַכע מאַריאַשע האָט עס אַלץ איבערגעלעבט, איבערגעטראָגן. און איר, העלדן פון סמאַרגאָנער יוגנט, זייט נישטאָ. אוי ווי איז מיר...

---

זומער 1942. דעם גרעסטן טייל פון סמאַרגאָנער יוגנט האָט מען געשיקט אין די לאַגערן. אין ערשטן טראַנספּאָרט זיינען געווען ביי אַ הונדערט יוגנטלעכע. פון זיי זיינען געבליבן לעבן אַ קליינע צאָל.

פון געטאָ האָט מען אונדז אָפּגעפירט צו דער באַן־סטאַנציע. יעדער האָט געדאַרפט האָבן אַ רוקזאַק מיט אַביסל זאַכן איבערצוטאָן, אַ הילצערנעם קעסטל, מעין אַ טשעמאָדאַנטשיק, פאַר פּראָדוקטן וואָס מ׳האָט געהאַט מיטצונעמען. די עלטערן האָבן זיך געמיט מיטצוגעבן דאָס בעסטע און דאָס שענסטע וואָס זיי האָבן נאָר פאַרמאָגט. זיי בלייבן דאָך אינדערהיים, אין סמאַרגאָן, צווישן אייגענע, און מיר פאָרן אין דער ווייטער פרעמדעניש. וווהין האָט קיינער ניט געוווּסט. אָבער קיינעם איז ניט איינגעפאַלן אויפן געדאַנק, אַז דאָס איז אונדזער סוף. אַז מ׳פירט אונדז צום טויט. און אויב אימיצן איז יאָ איינגעפאַלן אָט־דער שוואַרצער סוף, האָט ער דאָך מורא געהאַט אים אַרויסצוברענגען, מ׳זאָל אים ניט אויסלאַכן. מ׳איז דאָך געווען זיכער, אַז מ׳פירט אונדז אויף אַרבעט, ווייל ווען ניט, איז וואָס פאַר אַ ווערדע האָט עס ביי זיי אונדז צו דערהרגענען. זיי האָבן דאָך חרוב געמאַכט גאַנצע שטעטלעך, אַריינגעטריבן די יידן אין אַ שייער און אונטערגעצונדן דעם שייער, און ווער עס איז אַרויסגעלאָפן פון שייער — אים דערשאָסן.

די דייטשן האָבן צייט זיך צו צערעמאָניען מיט אונדז און חוץ דעם, ווער פירט עס מענטשן צום טויט מיט דער באַן אין פּאַסאַזשירן־וואַגאָנעס?! און טאַקע צוליב וואָס און צוליב ווען זאָל מען הרגענען? מיר זיינען דאָך געזונט און אַרבעט־פעיק. און די דייטשן נויטיקן זיך אין אַרבעטער. לכן פירט מען אונדז אויף אַרבעט, דאָס איז דער ריינער אמת...

אין וואַגאָן מיט אונדז זיינען געווען אַצאָל ווילנער פּליטים. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט אַז טאָמער פירט מען אונדז צום פּאָנאַר. אָבער מען דאַרף האָבן געדולד ביז מען וועט דערפאָרן נאָענט צו ווילנע.

דערווייל שטאַרקט מען זיך און מען זעט פאַרכאַפּן פּלעצער אין וואַגאָן, און פון די הילצערנע קעסטלעך נעמט מען אַרויס עסנוואַרג. נאָר ניט געטראַכט וואָס עס וועט שפּעטער זיין, נאָר ניט געקלערט וועגן די וואָס זיינען געבליבן אינדערהיים, צי מען וועט זיך נאָך זען אַמאָל מיט זיי.

די טרערן דריקן, רייסן זיך פון די אויגן. אַ טרער נאָך אַ טרער. זאָל נאָר איינער אָנפאַנגען. אין וואַגאָן איז טונקל. דערווייל זיינען מיר נאָך אויף דער

סמארגאנער סטאנציע. די וואגאָנען קלאַפּן זיך אָן איינער מיטן אנדערן. מען טשעפּעט עס צו דעם לאָקאָמאָטיוו. יאשקע כ״ץ שרייט אויס:

— קינדער, אָן טרערן! דערהויפּט איר, מיידלעך! ווער עס וויינט — ארויסגעוואָרפן!

עס הערט זיך א געזאנג: איך פאָר אוועק, ווער ווייסט וווהין. יאשקע כ״ץ זינגט און מאנקע חדש העלפט צו.

מיר פאָרן שוין. מען שלעפּט זיך. יאשקע און מאנקע זינגען „פארזינגען די צרות״. מיר ווילן פארגעסן אונטער וועלכע אומשטענדן מיר פאָרן. וווהין?

ראזקע יאכעלעס זיצט לעבן מיר:

— מאריאשע, מיר וועלן פארמאכן די אויגן, וועט זיך אונדז דוכטן, אז מיר פאָרן אויף א „טיול״ קיין ווילנע... איך וועל דיר זאָגן וווּ מיר וועלן גיין, וואָס מיר וועלן זען (זי מיט אירע עלטערן האָבן יאָרנלאנג געוווינט אין ווילנע)...

זי נעמט אויסרעכענען די פּלעצער, דערמאָנט נעמען פון חברים.

יאשקע און מאנקע האלטן אָן דאָס זינגען. דער עולם העלפט צו.

מאנקע חדש הויבט אָן א נייעס ליד. „ווער זינגט עס דאָרט אויף יענעם ברעג״...

מיטאמאָל סטאָפּ. זיך אָפּגעשטעלט. א טיר סקריפּעט אייזעריק. איך עפן די אויגן: א שטופּעריי, א געדרענג, א טומל, א געשריי:

— די סאלער קומען...

זיי פאָרן מיט אונדז. אין סאל האָט מען פארנומען די גאנצע יוגנט.

— וווהין פאָרט מען? וואָס וועט זיין מיט אונדז?

— ניט געדאגהט. עס וועט גוט זיין.

די הערצער טיאכקען: וואָס איז מכוח פאנאר? מען האָט מורא צו פרעגן איינער ביים אנדערן.

מען פאָרט ווייטער. מען שלעפּט זיך. מען מיט זיך כאַפּן א דרעמל.

פארטאָג. מ'איז שוין אין ווילנע. פונוויטנס אויף די ליניעס ווייזן זיך יידן. מען דערקענט זיי לויט די לאטעס. פון נאָענטן צייגן זיך אויסגעבלייכטע פּנימער מיט א שוידערבליק אין די אויגן.

וווהין פירט מען אונדז?? ווו איז מען? מען קוקט זיך דורך, מען קוקט זיך אָן איינער דעם צווייטן. א קרוב? אפשר א באקאנטער?

ווייטער זיך געשלעפּט. דער וואגאָן הוידעט זיך. מען פאָרט. די צוויי ווילנער פּליכטלינגס שטייען ביי די פענצטערלעך און קוקן, די פּנימער זייערע ווייס ווי קאלך. מיר זיינען אָט־אָט אויף פאנאר. זיי בייסן זיך די צונג ניט צו ריידן. מיר בעטן זיך ביי ראזקע יאכעלעס זי זאָל צוגיין צום פענצטערל און א קוק טאָן, זי ווייסט דאָך ווו איז פאנאר. זיי לאָזן זי ניט צו. ס'איז ניט גוט. מען סודעט זיך. פּלוצלונג זיי שרייען ביידע אויס:

— מיר זיינען דורכגעפאָרן. מען פירט גלייך צום לעבן.

מען חכמהט זיך. משה דאַנישעווסקי (ברוך וועלעס) צעזינגט זיך: „על הנסים" פון חנוכה. דאָס פּאַסיקסטע ליד אונטער די אומשטענדן...

איצט זיינען מיר שוין זיכער אַז מען פירט אונדז אויף אַרבעט.

דורכגעפאָרן לאַנרוועראַוועי. ס'דוכט זיך אַז די באַן גייט שנעלער.

מען שטעלט זיך אָפּ. דורכן קליין פענצטערל צייגט זיך די אויפשריפט „ראַדזשיסקי". קיינמאָל ניט געהערט אַזאַ נאָמען פון אַ שטאָט אָדער שטעטל.

עס עפנט זיך די טיר. אַ טייל מענער נעמען די דייטשן אַרונטער.

מיר פאָרן ווייטער. אָלקעניקי. די סאַלער און אַביסל סמאַרגאַנער הייסט מען אַרונטערשטייגן.

צום סוף אָנגעקומען קיין אָראַן. דאָ נעמט מען אונדז אַלעמען אַרונטער. מיר זיינען אַ פּאַרטיע פון 60—70 נפשות.

פאַרנאַכט. אַ רעגן. אַ קליין שטעטעלע. אַ גאַס. פונדערווייטנס זעט מען דייטשן. זיי רינגלען אונדז אַרום. מען שטעלט אונדז אויס. דער רוקזאַק אויף די פּלייצעס, דאָס קעסטעלע — אין האַנט. געוואַלד ווי שווער! דו מוזט גיין. צו וואָס און וווהין? פאַרשטענדלעך אַז אויף אַרבעט. צי עס וועט קלעקן כוח עס אויסצושטיין, עס איבערצוטראָגן? אַ פרעג, אַ טראַכט: וואָס האָט פּאַסירט מיט די אייגענע? אַ קלער און ווייטער געגאַנגען. געשלעפּט זיך. אוי! איך קאָן ניט מער גיין. באַלד פאַל איך פון די פיס. מיר גייען דורך אַ וועלדל. כ'בלייב שטיין. פּאַנקע קריינעס לעבן מיר. מיר האָבן ניט קיין כוח צו גיין ווייטער און דערצו נאָך שלעפּן די פּעקלעך. קומט צו אייזיק גאָס און נעמט אונדזערע פּעקלעך און ער שלעפּט זיי. קומט יאַשקע כ"ץ מיט אַ וויץ, אָבער ניט מיט קיין געזאַנג. דאָ זינגט מען ניט. ניין, דאָ זינגט זיך ניט. מיר קומען אַריין אין אַן אַרומגעצוימטן הויף מיט באַראַקעס. מען לייגט אַוועק די פּעקלעך, און מאַרש — צום איבערקוק און איבערצייל. מען האָט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און געהייסן אַזוי שטיין: דער לאַגער-פירער גייט פאַר אונדז ריידן. מיר פאַרציטערטע, הונגעריקע אויסגענעצטע פון רעגן, שטייען אויפן הויף און וואַרטן. דאָס האַרץ צאַפּלט זיך: וואָס גייט ער אונדז זאָגן?

און אָט איז ער אָנגעקומען, אָנגעטאָן אין גרינעם מונדיר. אַ סאַדיסטישער אויסדרוק אויף זיין פּרצוף. ער פאַנגט אָן זיין רעדע. פאַרשטייט זיך אַז ניט אַלץ האָבן מיר אויפגעכאַפּט (הגם, וועלכער ייד פאַרשטייט ניט קיין דייטש!). דעם עיקר, אָבער, האָבן מיר תופס געווען: מיר זיינען גאָרנישט שבנישט. מיר מוזן שווער אַרבעטן. ווען ניט וועט מען מיט אונדז טאָן וואָס מ'האָט געטאָן צו די אַראַנער יידן. ער הייסט אונדז אַלעמען קוקן אויף רעכטס. — איר זעט דאָס בערגל, דאָרט זיינען זיי און דאָרט וועט איר זיין.

ער רופט אַרויס פון דער שרענגע יאַשקע כ"ץ. ער איז געווען דער העכסטער פון אַלע בחורים.

— דו וועסט זיין דער פאַראַנטוואָרטלעכער. געדענקט — אַרבעטן! אַרבעטן! און איצט צוריק אין די באַראַקעס!

די מענער האָט מען אָפּגעטיילט באַזונדער, די פרויען באַזונדער.

א בהלה, א שרעק כאַפּט אונדז אָן: ווער ווייסט וואָס זיי גייען אונדז טאָן.

מיר באַקענען זיך אין דעם טונקל מיט אונדזער פּירקאַנטיקן צימער. אין מיטן דריי־שטאָקיקע נאַרעס. אויף זיי איז אויסגעשפּרייט שטרוי. פון אַלע פיר זייטן א שמאָלער דורכגאַנג. אין איין זייט שטייען צוויי בענק און א רויטע ברעט אוועקגע־לייגט אויף קאָזלעס. דאָס איז מן הסתם אונדזער טיש.

אין דער פינצטער קריכן מיר אַרויף אויף די נאַרעס. איך, מאַנקע חדש, פאַנקע קריינעס, ראָזקע יאַכעלעס, מערקע קאַפּעלאָוויטש, אסתר קאַפּעלאָוויטש, בתקה לעווין פאַרנעמען די אויבערשטע נאַרעס. דאָרט, דוכט זיך אונדז, וועט זיין מער לופט.

מיר ליגן. מיר קאָנען ניט איינשלאָפן. איין טראַכטעניש עגבערט דעם מוח: וואָס וועט זיין מאָרגן?

---

מיר, יינגערע מיידלעך, אַרבעטן אויף דער באַן־ליניע. די עלטערע פרויען אַרבעטן אין קיך. די דייטשן פאַרהאַלטן זיך צו אונדז ניט שלעכט. דאָס עסן איז געווען אין מויל ניט צו נעמען. אָבער דער מערסטער טייל פון אונדזערע האָבן געהאַט זאַכן אויסצובייטן אויף שפּייז. פון דער אַרבעט גנבעט מען זיך אַרויס און מ׳כאַפּט זיך אַראָפּ אין דאָרף און מ׳טוישט אויס א קליידל, א בלוזקע פאַר פּוטער אייער, קעז.

פון דער היים באַקומען מיר פּאָסט. שלעכטע בשורות: אין געטאָ איז ניט גוט. דעם גרעסטן טייל פון דער יוגנט האָט מען אָפּגעשיקט אין שעזשמיר. וואָס איז עס כּאַר א פּלאַץ? מיר ווייסן ניט. אויף דער „שטרעקע״ ביי דער אַרבעט טרעפן מיר זיך מיט סמאַרגאַנער און מיט פרויען פון אַלקעניקי און פון ראַדזשיסקי. מיר אַרבעטן לאַנגע שעהן, פון פינצטער ביז פינצטער אָן איבערייס פון א האַלבער שעה אויף מיטאָק.

אין אָט־דער קורצער פּויזע צעזינגט זיך יאַשקע כ״ץ. אפילו די דייטשן האָבן הנאה און הערן זיך צו צו זיין זינגען, און ווערן ווייכער, גוטמוטיקער. מיר נוצן אויס די געלעגנהייט און גנבענען זיך אַרויס. כאַפּן זיך אַראָפּ אין דאָרף. באַצאָלן א פּויערטע און זי באַקט פאַר אונדז אויס אָן אייוון ברויט.

איז אָבער די פראַגע: ווי טראָגט מען אַריין אין לאַגער הייסעס ברויט?

צום מזל ווערט דאָס ברויט פאַרטיק נאָך די אַרבעט־שעהן. אַלע האָבן זיך אומגעקערט אין לאַגער אַריין. בלויז אברהמקע דאַנישעווסקי איז געבליבן מיט אונדז און אויף אים קאָן מען זיך פאַרלאָזן. ער האָט ברייטע פּלייצעס.

אויף מיר, מיט אברהמקען, ראזקען און אייזיק גאס, איז אויסגעפאלן צו טראָגן און ברענגען דאָס ברויט. ווי אזוי מיר זיינען, אין א מזלדיקער שעה, דער־גאנגען ביזן לאגער, ווייס איך ניט. א פּאָר חברים האָבן אונדז אָפּגעוואָרט אומגע־דולדיק ביים סאמע צוים פון לאגער. ווען זיי האָבן אונדז דערזען אָנקומען, האָט איינער פון דער חברה פארפירט א שמועס מיטן פּאָסטן (מיט דעם שומר וואָס שטייט אויפן פּאָסטן) און מיר האָבן אין איילעניש אריבערגעוואָרפן די צוויי זעק ברויט איבערן פּארקאַן. דאָס ברויט איז שוין, ברוך השם, אין לאגער. אָבער ווי וועלן מיר אריין אומבאמערקטערהייט אין לאגער? גיט מען זיך אן עצה: אברהמקע דאנישעווסקי ווערט דער קרבן. ער לויפט צו מיט אימפּעט צום טויער. ער האלט אין האנט א פּעקעלע. דער שומר כאפּט אים, גיט אים א פּאטש און נעמט צו ביי אים דאָס האלב לעבל ברויט. אזוי ווי ער איז פארטאָן מיט אים, גיבען מיר זיך א גנבע אריין.

מיר זיינען ווידער אלע צוזאמען. מיר ארבעטן שווער, אָבער מיר הונגערן ניט. מיר העלפן איינע דער אנדערער — מיר גייען אלע צו דער ארבעט. אין לאגער בלייבן ביי טאָג בלויז די עלטערע פרויען.

פּלוצלונג קומען אָן ווילנער מיידלעך. עס זיינען צווישן זיי געווען זייער ווילע חברטעס און אויך אייניקע אויסנוצערקעס. „ראָזקע קאָזאק", אזוי האָבן מיר זי גערופן, איז געוואָרן קלאָמפּערשט די לאגער־פירערין. זי האָט געוואָלט זיך פאזשיווען אויף אונדזער חשבון. זי האָט גענומען „באלעבאנדעווען" אין קיך: זיך געלאָזן דאָס געדיכטע פון קעסל און אונדז געגעבן זופּן דאָס שיטערע פון־אויבן.

פון די ווילנער מיידלעך האָבן מיר זיך דערוווסט וועגן די גרויזאמקייטן פון ווילנער געטאָ. זיי האָבן אויך געבראכט צו אונדז די לידער וואָס מ׳האָט געזונגען אין ווילנער געטאָ.

יאשקע כ״ץ לערנט זיך גלייך אויס די מעלאָדיעס. ער זינגט. „איך וויל נאָך איין מאָל זען מיין היים..."

ער האָט אויך געזונגען, און מיר האָבן אלע צוגעהאָלפן, דר. ל. בוזאנסקיס ליד „באָמבעס".

באָמבעס, באָמבעס, ליבע טרייע,
שוין געוואַרט אז יעדע מינוט
זאָלט איר קומען ווארפן מיט פייער,
און אויב איבער אונדז — איז דאָך אויכעט גוט.
א לעבן געפירט האָסט א שיינעם,
איצט ביסטו געוואָרן א קנעכט.
קינדער און פרויען, און זקנים
כסדר מען האָט אונדז געשעכט.

באָמבעס, באָמבעס, ליבע, טרייע...

עס נאָגט דער געדאַנק, די נשמה
צי וועלן מיר מענטשן נאָך זיין.
דאָס הארץ גארט אזוי נאָך נקמה
פאר אונדזערע צרות און פיין.

באָמבעס, באָמבעס, ליבע, טרייע...

ווען מיר פלעגן זינגען „באָמבעס, באָמבעס", פלעגט אויפן הארצן ווערן אזוי גרינג און גוט: גאָט! ווי דערלעבט מען שוין אז עס זאָלן פאלן באָמבעס, א סוף, אן עק זאָל עס נעמען. ווער האָט עס כוח אויסצוהאלטן...

אין לאגער האָבן מיר אויסגערעכנט מער ווייניק ריכטיק ווען עס פאלט אויס ראש-השנה. מיט קארגע צען טעג שפּעטער איז יום-כיפור ביי דער ארבעט האָט משה דאנישעווסקי און יאָשקע כ"ץ געפּראוועט חזנות, געזונגען כל־נדרי. מיט אונדז האָבן זיך געפונען אויך גאָר יונגע, כמעט קינדער, ווי הירשקע לעווין (בערל דעם שערערס), יענקעלע חדש. צו דעם האָט גאָט ניט צוגעהערט אונדזער געוויין, ניט צוגעזען אונדזערע טרערן פארגאָסן אויף דער „שטרעקע", דער קאלטער נאסער שטרעקע! א גאנצן טאָג האָבן מיר געפאסט. א גאנצע נאכט זיינען מיר געלעגן אויף דער קאלטער פייכטער נארע און געטראכט וועגן אונדזער היים וועגן די יום-טובים, ראש השנה און יום-כיפור אין סמארגאָן... און געוויינט און געוויינט...

א געוויסע צייט שפּעטער האָט מען אונדזער קאָמפּאניע צעטיילט. א טייל, און מיך מיט זיי, אריבערגעפירט אין איגנאַלינע, און א טייל צעשפּרייט איבער אנדערע לאגערן.

ווען איך בין אָנגעקומען אין איגנאַלינע (לעבן סווינציאַן) איז שוין געווען שניי און פרעסט. מיר האָבן זיך ארייַנגעצויגן אין דער ווייבערשער שול. מיר זיינען געווען א 30—40 סמארגאנער: 8 מיידלעך, 2 פּאָרלעך, 2 משפּחות, די איבעריקע בחורים.

אינדרויסן א פראָסט. שווער צו גראָבן די פארפראָרענע ערד. די אופזעערס — רשעים. עס זינגט זיך שוין נישט. אָבער אז מען „קומט אהיים" און יעדער שלעפּט א פּאָר שפּענדלעך מיט וואָס איינצוהייצן, און כאָטש אביסל זיך דערוואַרי־מען, הויבט מען אָן דערציילן אנעקדאָטן איינע דער אנדערער. ווייל איינשלאָפן אין אָט דער קעלט איז געווען אומעגלעך. און ווען מען פלעגט שוין קוים מיט צרות פון פארמאטערניש איינשלאָפן שפּעט אין דער טיפער נאכט, האָט מען שוין באלד געדארפט אויפשטיין.

איך פלעג אויפרייסן די אויגן און זען ווי לייבל אקערמאַן, א בחורל פון א יאָר זעכצן שטייט און דאַווענט. אזוי יעדן פרימאָרגן.

אזוי האָבן זיך געצויגן טעג און מאָנאטן, אָן קיינע אויפטרייסלנדיקע ענדערונגען אין אונדזער מיזעראַבלען לעבן.

מיר האָבן זיך דערוווסט די שרעקלעכע נייעס פון סמאַרגאָנער געטאָ פון אייזיק גאָס. ער איז געפאָרן מיט א דייטש קיין סמאַרגאָן ברענגען פאר אונדז ווארימע אַנטועכץ. ער האָט אין סמאַרגאָן קיין יידן ניט געפונען. אביסל זיינען געווען אין אשמענע, אסך אין די לאגערן לעבן אשמענע, א טייל האָבן זיך געפונען אין זעליאנקי.

מען האָט אונדז אריבערגעפירט קיין סוויניציאנקע. און דעמאָלט ברעכט אויס א טיפוס עפידעמיע. א טייל קראנקע פירט מען אָפּ קיין ווילנער געטאָ אין שפּיטאָל. אברהמקע דאנישעווסקי גיט זיך אָפּ מיט די טיפוס-חלאים. אזא געזונטער וועט ער זיך דאָך ניט אָנשטעקן. ער ווערט, אָבער, יאָ קראנק און שטאַרבט אין סוויציאנקע.

דער גרעסטער טייל פון אונדזערע קראנקע זיינען אין ווילנער געטאָ-שפּיטאָל. מיט מסירות-נפשדיקער איבערגעבנקייט און פאָטערלעכער זאָרגפעלטי-קייט באהאנדלט אונדז דר. שומעליסקי. אין שפּיטאָל געפינען מיר פאציענטן פון סמאַרגאָן און אויך פון זשעזשמיר. דאָרט האָט אויך געבושעוועט די מגפה.

ווי גוט עס איז צו ליגן אין שפּיטאָל אויף א ווייסן ליילעך אין א ציכטיקער בעט מיט א קישעלע צוקאָפּנס. פון מיין איין זייט ליגט מאנקע חדש, פון מיין אנדערע זייט — בתקע לעווין און אנטקעגן מיר עטע פאדבערעזקי. מיר האָבן הויכע טעמפּעראטור. מיר ריידן פון היץ. אָבער מיר דערקענען איינע די אנדערע. מיר האָבן אָפּגעגאָלטע קעפּ, אָבער וועמען קימערט עס. מיר ליגן דאָך אין קייזערלעכע בעטן. דער קאָפּ ברעכט, ווי ער שפאלט זיך. עס פלאָנטערן זיך די ווערטער אונטער דער צונג. מילא, אויב אפילו שטאַרבן, איז אלץ בעסער דאָ, ניט ווי אברהמקע וואָס האָט זיך אפילו ניט אָנגעווארימט פארן טויט. בתקע לעווין חכמהט זיך ווי שטענדיק. מאנקע חדש קאָמאנדעוועט. מיר נעמען זיך בעסערן צוביסלעך מאנקע זינגט שוין. מיר הויבן אָן צו באגרייפן, אז מיר געפינען זיך אין ווילנער געטאָ-שפּיטאָל. מען קאָן דאָך אונדז פארברענען. מיר מוזן וואָס שנעלער ארויס פון דאנענט, ארויסראטעווען זיך פון סכנת-נפשות.

די פיס וואַקלען זיך. דער קאָפּ דרייט זיך, ער גייט כאַדאַראַם. אָבער מיר מוזן ארויס. אָבער וווהין זיך לאָזן גיין? מיט וועמען געהערן מיר זיך אָן?

איך גיי אוועק צו די צירולניקס פון מינסקער גאָס. זיי געפינען זיך אין ווילנער געטאָ.

איך לאָז זיך גיין מיט די לעצטע כוחות. איך קוק זיך ארום. וואָס טוט זיך דאָ? מענטשן אין די גאַסן זיינען אָנגעטאָן ווי מענטשן. מען שפּילט טעאַטער. עס איז פאראן א יידישע פּאָליצײ.

די סמאָרגאָנער פון אונדזער ערשטן טראנספּאָרט געפינען זיך אין ווילנער געטאָ אויף אשמיענער גאָס נומער 8. זיי ארבעטן ביי דער באַן-ליניע. צווישן זיי געפינען זיך חברה וואָס האָבן זיך גוט איינגעאָרדנט, ווי דהיינו, איינער איז א

העלפער ביי דעם הויפט-קוימענקערער. דאָס איז דער בעסטער באַרוף אין געטאָ. ווער קאָן זיך פאַרגלייכן צו א קוימענקערער! מי ידמה לו ומי ישווה לו! ער בלאָזט זיך ווי אן אינדיק. דורך די קוימענס גיט ער איבער פּראָדוקטן. ער איז א יידל, א גביר. זיין גבירהשאַפט האָט ער זיך איינגעשאַפּט אַדאַנק זיין געלן שיין, וואָס ער טראָגט מיט זיך ווען ער קריכט איבער די דעכער און קאָן אזוי דורכגיין גאַסן און ראַגאַטקעס אָן א שטער.

חברה סמאַרגאָנער קומען צו מיר. מען העלפט מיר, איך זאָל קאָנען פאָרן צוריק אין אשמענער געטאָ צו דער מאַמען און שוועסטער. די מעשה איז די: אין אשמענער געטאָ דאַרף מען האָבן א מענטשן, וואָס זאָל אַרבעטן אין איזאָלאַ-טאָר. לאָז איך מיר גיין אין ווילנער יודן־ראַט. איך פיל א ווייטיק אין די פיס. איך קען קוים שטעלן א טראָט. חברה העלפן מיר, זיי האַלטן מיך אונטער די אָרעמס. מיר באַגעגענען א מיידל פון די ווילנער וואָס האָט זיך געפונען פאַרדעם אין אראָץ. זי גייט מיט איר בחור, א פּאָליציסט. זיי פאַרבעטן אונדז שבת אויף טשאָלנט.

כ׳דערמאָן זיך אז איך בין אָפּגעגאָלט. יעדער דערקאָנט אז איך בין נאָך א טיפוס. אוי וויי צו מיר! מ׳האָט אויף מיר רחמנות. יידן זיינען דאָך רחמנים בני רחמנים.

מיר גייען עסן טשאָלנט, באמת קישקע מיט קאַרטאָפל. די קאַרטאָפלעס שטעלן זיך אין האַלדז. ווען די טרערן פון האַרצן וואַלטן זיי געקאָנט צעווייקן.

אין ווילנער געטאָ צווישן אונדזערע סמאַרגאָנער האָט מען גערעדט וועגן אוועקגיין אין וואַלד. אָבער דערצו דאַרף מען האָבן געווער. אָן געווער נעמען די פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונגען ניט אריין. אָבער אָן געלט קאָן מען קיין געווער ניט קויפן. דערצו בין איך נאָך קראַנק. אפשר פון אשמענער געטאָ וועט זיין לייכטער אוועקצוגיין אין וואַלד.

מיר שמועסן אַרום אונדזער טרויעריקע לאַגע. ביי די סמאַרגאָנער מיידלעך שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. יאַשקע כ״ץ באַמערקט עס. ער האַלט אז איידער א טרער און געוויין איז בעסער א ליד און געזאַנג. בעסער א וויץ און א געלעכטער איידער רחמנות האָבן אויף זיך. מיר דערמאָנען זיך אין דעם טשאָלנט און דעם מיידל מיטן פּאָליציאַנט.

יאַשקע כ״ץ זינגט „דאָס ליד פון פּאָליציאַנט״, וואָס עס האָט אָנגעשריבן ל. ראָזענטאַל.

ווער זאָגט אז א ליבע שפּילן קאָן מען נאָר אין פּאַלאַצן און אין געטאָ אי׳ן עס גאָר א שאַנד?

אָט האָב איך ז׳יך פאַרכליאַבעט ביז איבער די אויערן, און דווקא אין א פּראָסטן פּאָליציאַנט. דאָס איז דאָך אברהמל. אוי א בראָך אין זיינע ביינדעלעך, ער האַלט דאָך ביים טויער די וואַך.

ביי אלינקע מיידעלעך נעמט ער צו די פּעקלעך. ביי מיר, אָבער, נעמט ער קיין זאַך.

ער רופט מיך „קראַסאָוויצע‟, ער שווערט מיר „מיין ליובעניו‟, — איך וועל דיך היטן ווי מיין גע‏לן שיין. ביי מיר וועסטו טראָגן און טראָגן „פּאַקופּקע-לעך‟, אויב דו וועסט נאָר מיינע וועלן זיין.

א יעדיקן אָוונט קומט ער אין מיין צימערל. ער איז דאָך א גאַנצע וואָך פאַרשמאַכט. בין איך אים מכבד מיט רעטשקענע קוגעלעך, וואָס איך האָב פאַר אים אליין געמאַכט.

מיר גייען שפּאַצירן פון רודניצקער אויף קאַמניצקער, און פון קאַמניצקער אַהין און צוריק.

דאַן טייטלט מיט די פינגער דער בלאָק פון מיינע חברטעס: „אוי, באַסקען האָט געטראָפן אַזאַ גליק‟.

ווען גאָט וועט נאָך וועלן, און אויך מיינער וועט וועלן, א חתונה פראַוון וועלן מיר דאַן.

און צעפּלאַצט וועלן ווערן די שכנים פון מיין צימערל מיט אלינקע צוויי און דרייסיק מאַן.

---

עס גיט זיך מיר איין אריבערצופאָרן אין אַשמיענער געטאָ. איך הויב אָן צו אַרבעטן אין שפּיטאָל. שווער צו זיצן אין געטאָ פאַרשפּאַרט. ווען כ׳קען כאָטש אַרבעטן אויף דער „שטרעקע‟, אַרויסגיין פון די צוימען כאָטש איין מאָל א טאָג. אָבער אַזאַ „לוקסוס‟ איז ניט פאַר מיר. דער יודנראַט האָט דאָך מיך געבראַכט און איך מוז אַרבעטן ביי זיי.

אין אַשמיענער געטאָ איז אויך פאַראַן אַן אַפּטייק און אַן אַפּטייקער. און ער שעמט זיך ניט אונדז צו צווינגען וואַשן די דילן ביי אים אין שטוב. דאָס איז געווען איינע פון די גרעבסטע באַליידיקונגען פאַר א יונג מיידל, דערהויפּט ווען אין שטוב אין געווען א טאָכטער אין מיינע יאָרן. וויפל טרערן האָב איך עס פאַרגאָסן! ערגער ווי אין לאַגער. ווער קאָן אריבערטראָגן אַזאַ דערנידערונג!

אין שפּיטאָל האָבן מיר געאַרבעט מיט גרויסער איבערגעבנקייט. עס זיינען דאָרט געווען זייער אַסך לאַגערניקעס געבראַכט פון באַראַנאָוויטש, מיט שרעקלעכע געשווירן אויף זייערע לייבער און פאַרשיידענע קראַנקייטן וואָס קומען פון הונגער, קעלט און אומריינקייט. ביי זיי איז דער שפּיטאָל געווען זייער היים, אַזוי איינזאַם פאַרוואָרלאָזט האָבן זיי זיך געפילט. שפּעטער האָב איך געאַרבעט אין איזאָלאַטאָר פאַר טיפוס-קראַנקע.

א טייל פון אונדזער ערשטן טראַנספּאָרט קומען אָן אין אַשמיענער געטאָ. בתקע לעווין מיטן ברודער, ראָזקע יאַכעלעס מיטן ברודער, יאַשקע. פאַנקע קריינעס

מיט אייזיק גאס קומען אָן די לעצטע טעג פאַרן ליקווידירן דעם אשמענער געטאָ. מיר ווייסן אז מיר וועלן באלד מוזן פארלאָזן אשמענע. ווער עס האָט קרובים אין די לאגערן, וועט קאָנען פאָרן צו זיי. א טייל וועט אוועק אין ווילנער געטאָ, א טייל אין קאָוונער געטאָ. בחדרי-חדרים רעדט מען וועגן אוועקגיין אין וואלד.

וואָס טוט מען אָבער מיט די עלטערן? ווי קאָן מען זיי איבערלאָזן. אליין זיך ראטעווען, און וואָס וועט זיין מיט זיי? אויב שטארבן, אומקומען, איז אלע צוזאמען.

עס איז 1943. אשמענער געטאָ איז ליקווידירט. מיט גרויס מי גיט זיך אונדז איין צו קריגן א דערלויבעניש צו פאָרן קיין זשעזשמיר. איך פאָר מיט מיין מוטער און שוועסטערל אויף פורן ביז סאל. אין סאלער געטאָ געפינען זיך א צאָל סמארגאָנער, צווישן זיי דער לערער כץ, זיי זיינען געקומען צו דער סטאנציע אונדז באגעגענען. ווי אלט איז ער געוואָרן פאר אָט-דער צייט! עס טוט אים אזוי הנאה אונדז צו זען. ער פרעגט אונדז אויס וואָס מיט אונדז האָט פאסירט ווו האָבן מיר זיך געפלאגט. איך קוק אים אָן, עפּעס פעלט אים, אָבער וואָס? א יאָ! ער איז אָן זיין אייביקער לולקע. ער פלעגט זי אין בית-הספר קיינמאָל פון האנט ניט ארויסלאָזן. ווען מיר קאָנען אים העלפן און קריגן פאר אים כאָטש א ביסל טאבאק...

מיר נעכטיקן ביי פריינד אין סאל. ווער קאָן עס שלאָפן. דאָס הארץ שלאָגט און זאָגט אז מער וועלן מיר זיך מיט זיי ניט זען. פארטאָג קומען זיך געזעגנען מיט מיר בתקע גרייס און מערקע ענגאר, מיינע שולע־חברטעס. מיר גייען צו לערער כץ. היינט ארבעט ער ניט. ער באגלייט אונדז צו דער באַן-סטאנציע. מיר געזעגנען זיך מיט אים. ווי שווער עס איז זיך צו שיידן מיטן לערער. ער האָט דאָך אונדז באוויזן די ערשטע ציפערן, געלערנט חשבונען, געלערנט היסטאָריע. מיט וואָס האָט ער זיך אזוי פארזינדיקט, מיט וואָס האָבן מיר זיך אזוי פארזינדיקט, וואָס מיר מוזן אזוי אָפּקומען!

מיר פאָרן אין א פראכט־וואגאָן. ביז ווילנע שטעלט מען זיך ניט אָפּ. אין ווילנע בלייבן מיר שטיין א פאָר שעה. עטלעכע סמארגאנער גנבנען זיך אריין די דייטשן זעען זיי ניט. מיר פאָרן ווייטער אויפן וועג וואָס פירט קיין קאָוונע. אויף דער סטאנציע קאשודאר, שטייגן אלע אראָפּ מיט די פעקלעך. מיר זעצן זיך אריין אין גרויסע אויטאָס וואָס גייען אין זשעזשמירער לאגער. איך פאָר מיט עיטע פאדבערעזקי, לייבע בערקמאן, דער דאוונער, מערקע און חיימקע מירסקי, יאשקע כץ. דאָס זיינען חברים און חברטעס נאָך פון ערשטן טראנספּאָרט. מיר האלטן זיך צוזאמען.

מיר זיינען שוין אין זשעזשמיר. עס איז א קליין שטעטל וואָס ליגט אויפן שאָסיי ווילנע—קאָוונע. די היגע יידן האָבן די ליטווינער מיט די דייטשן אויסגע-הרגט און באגראָבן נאָך האלב-לעבעדיקע. האָט מען אהער אריינגעבראכט יידן

פון סמארגאַן, אָלשאַן, קרעווע, סוויר און מיכאַלישעק. די פרויען געפינען זיך אין דער שול, די מענער — אין דער עזרת-נשים. אין דער שול זיינען ארייגעשטעלט נארעס. אנטקעגן-איבער אין די געוועזענע יידישע קלייטן אויך אריינגעמאכט נארעס. מיר מיט נאָך צען משפּחות באַקומען איין צימער. מיר פארנעמען צוויי נארעס. מיט אונדז געפינען זיך: אלטע יאבלענאוויטש מיט איר שוועסטער און ברודערל, קאַרפּעלס און נאָך און נאָך. מען שטופּט זיך. עס איז אַן ענגשאַפט. קוים ארויפגעקראָכן אויף דער נארע.

אָבער איך בין שוין געוווינט צו די צרות. דאָך צווישן אייגענע, היימישע מענטשן, כאָטש דאָ זיינען פאראן א טויזנט פּערזאָן און א סך אינגאַנצן אומבא-קאַנטע.

איך באַגעגן מיין חברטע פון די קינדער יאָרן, חייקע סאַדאַוויטש. זיך דערפרייט מיט איר. שוין אזוי לאַנג זיך ניט געזען זי אינפאָרמירט מיך וועגן די איינאָרדענונגען דאָ אויפן פּלאַץ. ווער עס זעט מיך, גיט מיר האָפענונגען, אז „געאַרגי״ וועט מיך געוויס גלייך מאָרגן צונעמען צו דער ארבעט. ער איז א רשע, א דייטש. ער זוכט אויס בלויז געוויקסיקע, געזונטע.

ביז מאָרגן האָב איך נאָך אינגאנצן א טאָג און א גאַנצע נאַכט. חייקע פירט מיך אין זייער געביידע. וויזט מיר זייער נארע. אין צווייטן בניין געפינט זיך דער לאַגער־פירער. ער איז אַ ייד פון פּאָדבראַדזש. ער איז געווען א פּליט אין סמארגאָנער געטאָ. א ביסל ווייטער איז פאַראַן דער רעוויר (א מעדיצין־פּונקט), ווו עס געפינען זיך צוויי דאָקטוירים און א קראַנקן-שוועסטער וואָס מ׳האָט אריבער-געשיקט פון ווילנע. עס איז פאראַן א גרויסע בעקעריע. דאָ באַקט מען ברויט פארן גאַנצן לאַגער. עס איז אויך פאַראַן א קיך. כמעט אלע לאַגערניקעס עסן פון די קעסלען, כאָטש מען קאָכט די זופּן מיט פערדישע פלייש. עס איז פאראַן א באָד. אונדזערע סמארגאנער יינגלעך הייצן זי אַן יעדע וואָך. ביי זיי קאָן מען באַקומען אָפּט אביסל הייסע וואַסער. אין לאַגער גייט אָן א האַנדל. מען בייט זאַכן, מען קויפט און פארקויפט. ס׳איז פאראַן א ציפּע-ביילע-רייזע. איר קאָן מען איבערגעבן זאַכן, און זי ברענגט דערפאַר פּראָדוקטן. זי פאַרדינט דערביי. דער הויפּט מסחר געפינט זיך אין די הענט פון די אָלשאַנער. מען זאָגט אז זיי פירן אריין אפילו פלייש און נאָך גוטע זאַכן. אָבער מען דאַרף האָבן געלט, און די סמארגא־נער זיינען מערסטנס אָן געלט. וואָס זיי האָבן געהאַט האָט מען ביי זיי צעראַבירט.

א טייל מיידלעך ארבעטן אין די באַראַקן ביי די דייטשן. זיי גנבענען ארויס מעדיקאַמענטן און ברענגען אריין אין לאַגער. אָ פּאָר מיידלעך ארבעטן אין ביוראָ. פון זיי דערגייט מען פאַרשיידענע נייעס, און וואָס די דייטשן פּלאַנעווען צו טאָן. אין די באַראַקעס ביי די דייטשן איז פאַראַן א סטאָלעריי. דאָרט ארבעטן די עלטערע און שוואַכערע פרויען. אויך גאָלדע טאַבאַריסקי ארבעט דאָרט. מיר גיט זיך איין אויסצופּועלן אז מ׳זאָל צונעמען דאָרט די מאַמען צו דער ארבעט. דאָרט איז די

ארבעט ניט אזוי שווער. עס איז אויך ווארים אין ווארשטאט-צימער. און אפילו עפּעס אָפּקאָכן קאָן מען אויך. די מאמע מיט גאָלדען פלעגן כמעט יעדן טאָג אויסקאָכן א געקעכץ פון געלע ארבעס. עס איז געווען מעדני-מלכים. עס האָט געהאט זיבן טעמען. איך האָב זיך גאָרניט געקאָנט פאָרשטעלן אז אזא טייערער מאכל איז פאראן אויף דער גאסטראָנאָמישער וועלט. אזוי פארהונגערט בין איך דעמאָלט געווען.

ווי מען האָט פארויסגעזען און פארויסגעזאָגט, אזוי האָט פּאסירט. „געאָרגי" האָט מיך צוגענומען אויף דער ארבעט ביי דער „שטרעקע". קיין באַן-ליניע ארבעט איז ביי מיר ניט קיין נייעס. איך כאַפּ זיך אמאָל אריבער אין דאָרף, בייט עפּעס אויס ביי די פויערים. מיין שוועסטערל געהערט נאָך אין די קינדער־קאטעגאָריע. זי ארבעט אויך ביי דער שטרעקע. אָבער טוט לייכטערע ארבעט. אין לאגער געפינען זיך א היפּש ביסל קליינע קינדער.

יעדן טאָג אינדערפרי קומט פאָר אן איבערצייל. אויף אונדז גיבן אכטונג א פּאָר יידן „ראטשיקעס" (אָנגעשטעלטע פון יודן-ראט), איינער בעסער, איינער ער-גער. איינער האלט א שטעקעלע אין האנט (צו געבן קלעפּ). דער אנדערער אָן א שטעקעלע און אפילו דער וואָס האָט דאָס שטעקעלע, הויבט עס ניט שטענדיק אויף און לאָזט עס ניט אראָפּ. דער דייטש לאגער-פירער האָט ליב צו קריגן אין יד אריין. מיט אזא איינעם, מיט א נעמער, קאָן מען דורכקומען. מיר רופן אים דער „הייזעריקער". ער ווייסט אז אין לאגער געפינען זיך טיפוס-קראנקע. אָבער אז עס קומט א קאָמיסיע פון דייטשן צו אונטערזוכן, פארבאהאלט ער די קראנקע. ער טוט עס פאר זיין אייגענער טובה וועגן. ווען ניט דער יידן-לאגער ווערט ער אויס לאגער-פירער, און דעמאָלט איז מארש אויפן פראָנט!

מען טרעפט זיך מיט יידן פון דעם אנדערן לאגער. מען טיילט זיך מיט נייעס. פון ווילנע קומען אָן טרויעריקע ידיעות. פון קאָווגער געטאָ קריגן מיר אויך גרוסן. בערך א צוואנציק מאן פון זשעזשמירער לאגער געפינען זיך אין קאָוונע און ארבעטן פאר א דייטשער פירמע.

מיר קריגן די טרויעריקע נייעס: אז מען האָט ליקווידירט סמארגאנער געטאָ, האָבן א טייל יידן געבעטן מען זאָל זיי אריבערפירן קיין קאָוונע. האָט מען זיי מיט די סאלער יידן געפירט דורך ווילנע. די יונגטלעכע וואָס האָבן געארבעט אויף דער באַן-ליניע לעבן דער סטאנציע, האָבן זיך ארייגעכאפּט אין די וואגאָנעס צו זייערע עלטערן. האָט מען זיי אלעמען דעם 26-טן אפּריל 1943 אָפּגעפירט אנשטאט קיין קאָוונע אויפן פאנאר. פון די סמארגאנער האָט זיך ארויסגעראטעוועט איין קרקעדיקער ייד איך ווייס ניט זיין נאָמען. און איסר מירסקי פון קרעווער גאס איז ארויסגעשפּרונגען פון גרוב און איז אנטרונען. יאביטשן מיט זיין טאָכטער האָט מען דערשאָסן ווען זיי האָבן פּרובירט אנטלויפן.

אין זשעזשמיר זיינען געבליבן א סך קינדער אָן עלטערן. זייערע עלטערן

האָבן זיך געפונען אין סאַל און אין סוויר. א טרויער איז געהאַנגען איבערן לאַגער: ווער ווייסט וואָס מאָרגן וועט זיין מיט אונדז.

עס פאַרשפרייטן זיך קלאַנגען, אַז מ׳וועט אונדז אוועקשיקן קיין עסטלאַנד און לאַטוויע. א טייל פון אונדזערע לאַגעריניקעס זיינען פון ווילנער געטאָ אוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. א סך פון זיי זיינען געפאַלן אויפן וועג, ווי וועמען דער מזל האָט אָפּגעשפּילט. מיר ריידן אויך וועגן אַנטלויפן אין די וועלדער. אָבער ווי לאָזט מען איבער די מאַמען מיט דעם שוועסטערל?

אין לאַגער איז אומרויק. מ׳איז דאָך אינגאַנצן אַפּאַטיש, גלייכגילטיק צו אַלץ. דאָך כל זמן עס קלאַפּט אַן אָדער וויל מען לעבן און זיך אַרויסראַטעווען פון דאַנענט.

עס קומען אָן קאָוונער פּאָליציי מיט אויטאָס און ווילן אונדז אָפּפירן קיין קאָוונע. מיר האָבן ניט קיין ברירה. אין זשעזשמיר האַלט די אַרבעט ביי ענדיקן זיך. מיר מוזן זיך דאָך ערגעץ אַהינטאָן... איז זאָל זיין קאָוונע! דאָס פאָרן דויערט בלויז א פּאָר שעה. מיר זיינען שוין אין קאָוונע. מיין מוטער און שוועסטערל זיינען מיט מיר. פאָרן אריינגייז אין געטאָ גייען מיר דורך אַן „אַנטלויזונג״. מען פירט אונדז אריין אין געטאָ. מען רופט אונדז פּוילישע אָדער רוסישע יידן.

געווען אין קאָוונע צענויפגעטריבענע יידן פון טשעכיע, עסטרייך, פראַנק-רייך, אָבער זיי האָט מען געהאַלטן אויפן 9-טן אָדער 7-טן פאָרט.

די יידן אין קאָוונער געטאָ נעמען אונדז אויף זייער פריינטלעך. זיי קוואַר-טירן אונדז איין, א טייל אין קלויז, א טייל אין א קינאָ-געביידע. מען שטעלט אריין צווייאיקע נאַרעס. מען טיילט אונדז צו פּראָדוקטן. מען קומט צו אונדז זיך נאָכפרעגן אויף פריינד. און ווען עס איז פאַראַן אַזא מזלדיקער, ברענגט מען אים פּעקלעך מיט עסנווארג פאַר די קינדער. זיי קומען אויך פאַרבעטן אונדז צו זיך. זייערע צימערלעך זיינען אָרימע אָבער וואַרימע. עס ווינען משפחות צוזאַמען.

אַזוי גייען אוועק עטלעכע טעג. מיר קוקן זיך צו צו אַלץ. מיר פאַרשטייען, אַז טאָמער פּאַסירט עפּעס וועלן מיר „פּוילישע, רוסישע״, זיין די ערשטע כפרה-הינדלעך.

אין קאַשעדאַר פאָדערן זיך מענטשן. קאַשעדאַר איז דריי קילאָמעטער פון זשעזשמיר. מיר קענען שוין די סביבה. מיר טראַכטן, אפשר וועט זיך אונדז איינ-געבן צו מאַכן פּליטה. דער גרעסטער טייל פון אונדזער יוגנט פאַרשרייבט זיך טראַנספּערירט צו ווערן קיין קושעדאַר. איך בלייב. מיין שוועסטערל איז קראַנק. זי ליגט אין קאָוונער געטאָ-שפּיטאָל. די איבערגעבליבענע אָרדנט מען איין אויף אַרבעט. מיך מיט חיה מעלניק אָרדנט מען איין אויף אַרבעט אין שאַנץ לעבן דער באַן-ליניע. מיר סאָרטירן זעלנערשע זאַכן וואָס מ׳ברענגט פון פראָנט. ביי דער אַרבעט קאָן מען זיך „פּאַזשיווען״, אָנטאָן א פּאָר סוועדערס, א פּאָר שטיוול, מען

זאָל ניט כאַפּן. מיר זיינען איבעראַשט: דייטשע שינעלן דורכגעשאָסענע, באַפלעקטע אין די שלאַכטן.

מיר האָבן ניט געוווּסט ווי אָנצופאַנגען. די הענט טרייסלען זיך פון אויפ־רעגונג. אָבער מען מוז דאָך אַרבעטן. ווי גרויס איז אונדזער פרייד ווען אין אַ קעשענע געפינען מיר אַ שטיקל פון אַ צייטונג. זאָל זיין אַז עס איז אַלט שוין עטלעכע וואָכן, פאַר אונדז איז עס נייעס. מיר האָפן אַז אונדזער באַפרייונג און די דייטשע מפּלה איז נאָענט.

אַוועק אַ מאָנאַט. מיין שוועסטערל איז געזונט געוואָרן. פון קושעדאַרער לאַגער, קריגן מיר גוטע נייעס. פון דער אַרבעט קאָן מען זיך אַראָפּכאַפּן אין דאָרף. איך טראַכט: פּיליכט וועל איך קאָנען פון דאָרטן צושיקן הילף מיין מאַמען און שוועסטערל.

מען טראַנספּאָרטירט מיך אין קושעדאַר צווישן אייגענע. אַ קליינער לאַגער כמעט אויסשליסלעך יוגנטלעכע. מיר אַרבעטן ביי טאָרף. די היטערס זיינען ווייס־רוסן און אוקריינער. דער מייסטער איז גאָר אַ האָלענדער, דער לאַגער־פירער אַ דייטש. מיר האָבן דאָס רעכט צו גיין זונטיק נאָך מיטאָג קיין זשעזשמיר מיט אַ שומר. אין רעגן־טעג אַרבעט מען ניט. מען גנבעט זיך אַרויס פון לאַגער, מען כאַפּט זיך אַריין אין דאָרף. מען טוישט עפּעס אויס און מען שיקט איבער פּראָדוקטן אין קאָוונער געטאָ צו אייגענע. דער יידישער לאַגער־אויפזעער איז אַ טשעכישער ייד. דער דאָקטאָר און די קראַנקן־שוועסטער זיינען פון זשעזשמירער לאַגער. דאָס עסן פון קיך־קעסל איז ניט שלעכט. די באַראַקעס זיינען קליינע, ניט איבערגע־פּאַקט. דאָ געפינט זיך אַ סווינציאַנער מיידל, לאהקע סווירסקי. זי שרייבט לידער, באַשרייבט אונדזער לעבן אין לאַגער.

מען סודעט זיך וועגן פאַרבינדן זיך מיט די פּאַרטיזאַנען.

אין איין פינצטערער נאַכט דערהרגעט מען דעם מייסטער, דעם האָלענדער און דעם לאַגער־פירער, דעם דייטש. די רוסישע שומרים הייסן אונדז אַנטלויפן. מיר האָבן מורא זיי צו פאָלגן: טאָמער איז עס אַ פּראָוואָקאַציע. קיינער פון די יידן פאַרלאָזט ניט דעם לאַגער. אַ גאַנצע נאַכט גייט אָן אַ שרעקלעכע שיסעריי. מיר שלאָגן זיך מיט דער דעה: פון איין זייט, ווילט זיך אַנטלויפן און ווערן פריי, פון דער צווייטער האָבן מיר מורא אַז די רוצחים, די דייטשן, וועלן אויסלאָזן דעם כעס צו אונדזערע עלטערן וואָס געפינען זיך אין געטאָ.

אין אַ וואָך אַרום נעמט מיך מיין מוטער אַרויס פון לאַגער. זי וויל מיר זאָלן זיין צוזאַמען, וואָס עס זאָל ניט פּאַסירן.

מיט אַ שווער געמיט געזעגן איך זיך מיט מיינע קינדער־יאָרן חברטעס. ווער ווייס צי מיר וועלן זיך נאָך אַמאָל זען.

איך בין צוריק אין קאָוונער געטאָ. איך אַרבעט אין פעלד ביי קאַרטאָפל, קרויט, בוריקעס. ס'איז אַ גוטער אַרבעט־פּלאַץ. מען דאַרף ניט לאַטכענען. פאַר

גוטער ארבעט טיילט מען אונדז אָן געגוג פּראָדוקטן. די צרה איז וואָס מ׳דאַרף שלעפּן צוויי קילאָמעטער דעם שווערן זאַק אויף די פּלייצעס ביז מ׳קומט צוריק אין געטאָ. און אין זאַק ווילט זיך אָנפּאַקן וואָס מער.

מיר ווינען אין א קינאָ. מיר האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט בעסער ווי אין זשעזשמיר. די מוטער ארבעט אין א בערשטל פאבריק. איך באקום בריוו פון דער חברה אין קאָשעדאַר.

מען לאָזט אונדז אויף אַן אָרט ניט איינזיצן. מען שיקט אונדז ארויס אין א לאגער אין פּאלימאן. מיר זיינען די איינציקע סמארגאנער וואָס מ׳שיקט אהין. אלע אין קינאָ העלפן אונדז זיך פּאקן. מען געזעגנט זיך. מ׳וויינט. גאָלדע טאבאריסקי מיט סאנינקען זיינען געלאָפן אין יודנראט. געבעטן מען זאָל אונדז ניט צעשיידן. עס האָט ניט געהאָלפן. דאָס הארץ האט אונדז געזאָגט אז מיר זעען זיך צום לעצטן מאָל.

א קורצע צייט דערנאָך האָט מען אלע סמארגאנער ארויסגעשיקט פון קאָוונע, קיין לעטלאנד אין דער אקציע פון די 3,000.

אין פאלימאן האָט מען אונדז גערופן די „זשעזשמירקעס״. די מוטער האָבן זיי איינגעאָרדנט אין קיך, מיר זאָלן האָבן וואָס צו עסן. מיר זיינען געווען די אָרימסטע אין לאגער. די לאגערניקעס האָבן אונדז ארויסגעהאָלפן, אָבער אויף א זייער דעליקאטן אופן, אזוי אז מיר זאָלן זיך ניט באליידיקן. מיר זיינען געווען זייער אָנגעווייטאָקט און איבער-סענסיטיוו.

איך האָב געארבעט אין א ציגעלניע. עס איז געווען שווערע ארבעט. אנדערע האָבן געארבעט ביי דער באן-ליניע. אזוי איז אוועק א יאָר. איך האָב זיך דער-וווסט אז די בחורים פון קאשעדאר זיינען אוועק אין וואלד. מיר האָבן אויך גערעדט וועגן אוועקגיין. נאָך דער ליקווידאציע פון סמארגאנער געטאָ איז אָנגעקומען אין פאלימאן קיילע און סימקע שווארץ, לייבל קאפעלאָוויטש און זיין פרוי חנה מיט די קינדערלעך.

מיין מוטער האָט געקראָגן א הארץ-פעלער. די קאָוונער וואָס האָבן זיך געפונען אין פאלימאן האָבן זיך געמיט פאר איר. זיי האָבן אפילו אראָפּגעבראכט דעם בעסטן דאָקטאָר פון קאָוונער געטאָ. זיי האָבן פאר איר פיל געטאָן און איר איז טאקע געוואָרן בעסער.

איך בין ביי דער ארבעט. די געסטאפּאָ רינגלט ארום דעם לאגער. זיי פאר-נעמען אלע קינדער און די דערוואקסענע וואָס האָבן אויסגעזען קראנק אָדער אָפּגע-שוואכט. די מוטער האָט זיך באהאלטן אין קיך. זיי האָבן זי אָבער אויסגעפונען. מיין שוועסטערל האָט דערזען אז מ׳פירט אוועק די מאמען, האָט זי זיך צעוויינט און זיך געבעטן, מ׳זאָל זי אויך פארנעמען. עס האָט איר ניט געהאָלפן. זי איז שוין ארויס-געוואקסן פון די קינדער-יאָרן. דער דייטש האָט אויף איר בעטן זיך איר אָפּגעענט-פערט: „די צווייטע וואָך וועט מען דיך אויך צונעמען פון דאנענט״.

די מוטער איז אוועק צו דער באן-סטאנציע און געפירט ביי די הענטלעך צוויי פרעמדע קינדער.

די שוועסטער איז געבליבן א פארשטיינערטע.

אונדז האָט מען געבראכט פון דער ארבעט. עס איז שוין געווען נאָך אלעמען. די געוויינען און געשרייען פון די עלטערן וואָס זיינען געקומען פון דער ארבעט און ניט געפונען זייערע קינדער איז אומעגלעך צו באשרייבן און מענטשלעך דורכצופילן.

אין דער קינדער־אקציע זיינען אומגעקומען אט די סמארגאנער: מיין מוטער חיה שרה ענטעס, מיידל-נאָמען אקסלראד, לייבל און חנה קאפעליאוויטשעס זוז און טעכטערל, ציפע און איר שוועסטער מיט צוויי קינדער.

אין דעם זעלבן טאָג איז דורכגעפירט געוואָרן א רצחנישע קינדער-אקציע אין קאָוונע, קאשעדאר און זשעזשמיר.

מיר האָבן נאָך אלץ געהאָפט, אז מ׳האָט די פארנומענע אָפּגעפירט אין א לאגער פאר ארבעט-אומפעיקע, אָדער אפשר האָט מען זיי אָפּגעשיקט קיין דייטש-לאנד, ווייל דער פראָנט דערנענטערט זיך.

מיר האָבן געארבעט אויף דער באן-ליניע וואָס פירט פון מינסק, ווילנע, קאָוונע דורך אָסט-פרייסן אין טיף דייטשלאנד, און מיר האָבן באאבאכט ווי די רייס-רוסן מיט זייערע פאמיליעס זיינען געלאָפן מיטן באן קיין דייטשלאנד. מינסק איז שוין געווען ביי די סאָוועטן, סמארגאָן אויך. אה, ווען מיר קאָנען אויף איין מינוט אָנקוקן די פּרצופים פון אונדזערע דם-שונאים! זיי האָבן זיך געפּרייט אויף אונדזער בראָך. ווי גליקלעך זיי האָבן זיך געפילט, די רשעים שכנים אונדזערע, ווען זיי האָבן צוגעזען ווי די דייטשן פּייניקן אונדז! אָבער די רוסן קומען צוריק!

אָבער מיר האָבן ניט די זכיה צו זען סמארגאָן א באפרייטע פון די דייטשן! מען טרייבט אונדז שוין ווידער. דעם גאנצן לאגער טרייבט מען צוריק קיין קאָוונע. מיר שלעפּן זיך צופוס. מיר זיינען שוין צו אלץ גלייכגילטיק. מען גיט א טראכט: אפשר אנטלויפן? אָבער זיי וועלן אונדז כאפּן. ניטאָ קיין כוח צו לויפן און זיך אויסבאהאלטן. פרי פארטאָג קומען מיר אָן אין קאָוונער געטאָ. איך געפין דאָ מיינע חברטעס פון קאשעדאר. מ׳האָט זיי אויך אהער געבראכט. א טייל זיינען זיך צעלאָפן אויפן וועג. איך גיי זיי באזוכן. איך קום מיט מיין שוועסטער. אויף דער מאמען פרעגן זיי ניט. זיי פארשטייען וואָס עס האָט מיט איר פּאסירט.

אין קאָוונע האָט מען אונדז געהאלטן צוויי טעג. מיר האָבן געהערט א טראסקעריי, א שיסעריי. מען באָמבאדירט? ניין דאָס פירט מען שווערע ארטי־לעריע. אפשר וועט טרעפן א נס און זיי וועלן ניט באוויזן אונדז ארויסצוטרייבן פון דאנענט און אָפּ קיין דייטשלאנד. מיר האָבן ניט קיין מזל. מען פירט אונדז מיט דער באן קיין דייטשלאנד. אייניקע שפּרינגען ארויס פון די וואגאָנעס בשעת דער צוג גייט פאמעלעכער. מע האלט אונדז אָן עסן און אָן

וואסער צום טרינקען. מיר זיינען אָנגעקומען אין א געוויסן פלאץ. מען הייסט אלעמען ארויסשטייגן. מיר זיינען טויזנטער. מען טיילט אָפּ די מענער באזונדער און די פרויען באזונדער. אונדז פרויען, זעצט מען אריין אין וואגאָנעטקעס און מען פירט אונדז דורך דייטשע שטעטלעך, דייטשע דערפער. געקומען צו א צווייטן פלאץ. די טויערן עפענען זיך. ס.ס. לייט נעמען אונדז אויף. מיר קומען אריין אין א הויף. קוקן זיך ארום: גרינס, בלומען, שיינע געביידעס. וואָס פאר א פלאץ איז עס? פונוויטן זעען זיך הויכע קוימענס. מעטאל-גוס פאבריקן. דאָ וועלן מיר ארבעטן?! מען פירט אונדז אביסל ווייטער. מען זעט שוין באראקעס ארומגע צוימט מיט עלעקטרישע דראָטן. מען טרייבט אונדז אריין אין א הויף. מען באפעלט אונדז אלץ אָפּגעבן: געלט, ווערטפולע זאכן. איך האָב עס ניט פארמאָגט. דער מאמעס פינגערלעך האָב איך פארקויפט נאָך אין קאָוונער געטאָ. געקויפט פאר זיי רפואות פאר דער מאמען ווען זי איז קראנק געווען. איך געדענק ווי די הענט האָבן זיך מיר. געטרייסלט. און דער ייד וואָס האָט עס ביי מיר אָפּגעקויפט האָט אויך געזיפצט: ווי צו א טאָכטער וואָס מוז פארקויפן איר מאמעס קידושין־פינגערל אום צו ראטעווען איר מאמען... ביי מיר זיינען קיינע טייערע זאכן ניט פארבליבן, אויסער די פאָטאָגראפיעס פון די עלטערן, פון די פעטערס, מומעס און זייערע קינדערלעך. און מיט דעם האָב איך זיך אויך געמוזט שיידן. ווי שווער איז געווען זיך צו געזעגענען מיט די געמאָלעכצן פון זייערע ליבע, טייערע געזיכטער אלץ האָט מען אריינגעוואָרפן אין איין גרויסער קופּע. מ׳וועט עס געוויס גלייך פאר-ברענען, און אָט דערנעבן איז א קופּע שיך, הויך ווי מויער. מען ווארפט באזונדער שיך, קליידלעך, מאנטלען. אלץ ווערט געטאָן מיט דער בארימטער דייטשער פּינקטלעכקייט. מוטער-נאקעט גייען מיר דורך א גינאקאלאָגישע אונטערזוכונג. דעם ערשטן מאָל אין אונדזער לעבן זעען מיר אזא שטול. מיר ציטערן. ווער ווייס וואָס זיי גייען טאָן מיט אונדז. מיר גייען דורך א באָד. זיך ארומגעוואשן — גיט מען אונדז זיך אָנצוטאָן, הויזן און בלוזקעס אין פאסן. ווער עס איז קליין, באקומט לאנגע הויזן, ווער ס׳איז הויך — קריגט קורצע הייזקעס. מען מאכט פון אונדז פארזעענישן. מיר קאָנען איינע די אנדערע קוים דערקאָנען. הונגעריקע, דורכגע-נומענע פון קעלט, טרייבט מען אונדז אריין אין די באראקן. און ערשט דאָ דערוויסן מיר זיך, אז מיר געפינען זיך אין קאצעט שטוטהאָף לעבן גידאנסק. הונדערטער פרויען אין איין צימער וואָס האָט פינף-שטאָקיקע נארעס. פון פארטאָג ביז אכט שטייען מיר אָפּ אויף די פיס פארן איבערצייל און מושטרע. פאר פרישטיק באקומען מיר א טעפל קאווע מיט א שטיקל ברויט מיט מארגארין אויפן שפּיץ מעסער, א צולייג קלעפּ. אויף מיטאָג — זופּ געקאָכט פון קראפּעווע און פארשיידענע גראָזן. די אויפזעערינס זיינען ווייסרוסישע און אוקראיינישע מערדערינס. דער הויפּט-אויפ-זעער איז א פּאָלאַק מיטן נאָמען מאקס. א רשע מרושע. אז ער קומט אריין אין צימער ווייסט מען ניט וווּ זיך אויסצובאהאלטן. איין מאָל פאסירט, ער פאלט

אריין אין צימער פארטאָג ווען אלע האָבן נאָך געשלאָפן און א פרוי פון שלאָף שרייט אויס: „פאזשאר!" הונדערטער פרויען כאפן זיך אויף פון שלאָף פון איר געשריי, זיי ווערן צעטומלט און צעשראָקן און נעמען אויך שרייען מיט באנומענע קולות: עס ברענט! עס ווערט א פאניק, א טומל, א געדרענג. מאקס איז מלא-רציחה. און ער שלאָגט און פאסעוועט אויף רעכטס און לינקס. א סך קרבנות זיינען געפאלן.

אן אקציע. מ'האָט צענויפגעקליבן די קינדער און עלטערע און מ'האָט זיי פארברענט אין די היגע קרעמאטאָריומס.

אוועק פיר וואָכן. האָט מען אונדז געגעבן הילצערנע (ניט אלעמען) שיך, א הילצערנע לעפל, א טעפל אָדער א קעסעלע און אונדז אוועקגעפירט אויף ארבעט, גראָבן שוץ־טראנשייעס. אין טראנספּאָרט איז געווען 1200 פרויען. מען האָט אונדז איינגעקווארטירט אין פאלאטקעס. צו דער ארבעט זיינען מיר געגאנגען צו פינף אין א ריי, יעדע מיט איר רידל אויפן אקסל באגלייט פון ס.ס.-לייט.

אין אָט דעם לאגער זיינען געווען א צאָל סמארגאנערינס: איך און מיין שוועסטער רחלע לאה־מערע, די שוועסטער כיענע־אסתר און שרה־מאלע גורלאנד צירל מיט ביילע כץ, טויבע מאגידס, פייגעלע אלפעראוויטש, פרומל און חנה אלפעראוויטש, חיה מעלניק, פרומע חדש, רחל'ע און עטע פאדבערעזקי, קאזע לעגאט, פרומע גאָלדע און סימקע לאסיקאָוו, עלקע פאמאצ'ניק, רחל'ע און דאבע דעם שניידערס, שיינקע און יהודית דאנישעווסקי, א פּאָר מיידלעך פון דער „קרקע". מיר זיינען געווען צו 10 אין א פאלאטקע. מיר האָבן זיך געהאלטן צוזאמען ביי דער ארבעט. אסתר לוריא איז געווען מיט אונדז אין לאגער. אין איר ביכל פון צייכענונגען „יהודיות בשעבוד", געדרוקט אין רוים, האָט זי באשריבן אונדזער פיין און אונדזער אויסזען אין די שמאטעס וואָס מיר האָבן געטראָגן.

פון די סמארגאנערינס האָבן בלויז עטלעכע געקראָגן שיך. איך מיט מיין שוועסטער זיינען געגאנגען באָרוועס צו דער ארבעט, געטאפּטשעט אין שניי. א קריסטין האָט אויף אונדז רחמנות געקראָגן, האָט זי אונדז צוגעוואָרפן א פּאָר אלטע שטעקשיך. איר קאָנט זיך גאָר ניט פאָרשטעלן די פרייד וואָס די צוגעשליידערטע מתנה האָט אונדז פארשאפט. שפעטער האָבן מיר — וואָס פאר א גליק! — געקראָגן הילצערנע „קלאמפּעס". דער שניי פלעגט זיך צוקלעפּן צו די הילצערנע „זוילן", און איידער מען האָט דעם שוך ארויסגעשלעפּט פון שניי האָט מען געקראָגן גענוג קלעפּ פון דעם אופזעער־באגלייטער.

---

מיר זיינען פריי. די רוסישע אָפיצירן הייסן אונדז גיין אויפן וועג וואָס פירט צו טשעכאָטשינעק. מיר האָבן זיך אָנגעגעסן צו זאט מיט קארטאָפל. מיר האָבן אויך דערשנאפּט א סקלאד פון פראָוויאנט. מיר זיינען ארויפגעפאלן אויף דאָס עסנווארג

ווי מוראשקעס. אָנגעגומען צו פּאָר לעבלעך ברויט, קאָנסערווירטע פלייש, קעז, און מיר ציען ווייטער. אָנגעקומען צו דער סטאַנציע אלעקסאנדראווע. די קריסטן לאָזן אונדז נישט אריין, פּארלויזטע, שמוציקע יידישע ווייבער. מיר האלטן זיך אויפן וואקזאל. איך לאָז זיך ארויס איבערן שטעטל. איך בעטל אויס אביסל ווארימע וואסער און א פּאָר שמאטעס זיך „אויסצופוצן" און זיך אויסצוקליידן.

מיר לאָזן זיך ווייטער אין וועג. אָנגעקומען קיין טשעכאטשינעק. די רוסן הייסן אונדז גיין אין פענסיאָן. איך קום אריין, איך גיב א קוק אין א שפּיגל וואָס אויפן וואנט. איך דערשרעק זיך פאר מיין אויסזען. איבער א יאָר ווי איך האָב זיך דאָס האָר ניט פארקעמט. ערשט איצט דערפיל איך ווי מיין גאנצער קערפּער בייסט.

איך טראכט: ווי וועט עס פון אזא פארזעעניש ווערן אמאָל א מענטש ? !

גאָט, ווי דערלעבט מען צו קאָנען אראָפּוואַרפן פון זיך די פארלויזיקטע טראנטעס און זיך אוועקלייגן שלאָפן, שלאָפן אין דער ווארעם. מיר גייען יעדן טאָג אין באָד. איך קאָן דאָרט אָפּזיצן שעהן-לאנג. וויפל איך וואש זיך איז מיר ווייניק. מיר קריגן ווארע, מיר שטשאבן זיך אויף קליידלעך און בלוזקעס. מיר באקומען מיליטערישע מאנטלען.

איך וויל פאָרן אהיים. די ערשטע זאך פאָרן קיין סמארגאָן, אויסגעפינען ווער עס איז געבליבן לעבן.

מיר קומען אין גראָדנע. דאָ גייען מיר דורך א נ.ק.וו.ד. אונטערזוכונג און אויספרעגעניש. מען האלט אונדז א גאנצע וואָך פארשפּארט. אָפּגעקומען דעם גיהנם, גיט מען אונדז בילעטן ביז ווילנע. פון ווילנע וועל איך זיך אריבערכאַפּן קיין סמארגאָן. דאָס הארץ ציט זען אונדזער געבוירן־שטאָט. איך פּאָר אויף מאָרגן אוועק. אָנגעקומען אויפן וואקזאל. סעפּט. 1945. דער זעלבער וואקזאל. ארום וואקזאל די זעלבע פויערים. אָבער וווּ זיינען די יידישע בעלי-עגלות ? ס'איז טויט, שטיל. איך גיי מיטן באַן-וועג. אָט דאָ דארף זיין אקסלראדס שטוב. ניין! דאָס איז ניט סמארגאָן! אלץ פארברענט, פארברענטע הייזער, פארברענטע יידן. ווו זייט איר ? ! און דאך עקשנט זיך מיין פאָרשטעלונג. עס קאָן ניט שלום מאכן מיט דער חורבן-ווירקלעכקייט. אָט וויל איך דערזען דעם אינטערנאט... וואָס איך זע איז דעם בית־עלמין. גאנץ סמארגאָן איז איין גרויסער בית־עולם. ער ציט זיך פון סיניצקען ביזן קלויסטער.

אין ווילנע האָט מען מיר געזאָגט אז אין סמארגאן זיינען פאראן א פּאָר געציילטע יידן און זיי געפינען זיך ביי די קאפּלס אָדער ביי רבקה גלעזער. איך קום צו רבקהן פארנאכט. יאָ, איך האָב געפונען א פּאָר געציילטע סמארגאנער. מען זאָגט מיר אז מאטקע טאבאריסקי איז ניט לאנג צוריק געקומען פון רוסלאנד. איך קום צו די קאפּלס. אויך ביי זיי געפינען זיך עטלעכע צוריקגעקומענע פון לאגערן אין רוסלאנד.

בלייבן אין סמארגאן איז אומעגלעך. די קריסטלעכע שטאָט-איינוווינער קוקן אונדז אָן מיט אָפענער שנאה. מיר זיינען צו גרויס אין זייערע אויגן. זיי קוקן אונדז אָן מיט האס ווי זיי וואָלטן פרעגן: איר זייט געבליבן לעבן? צופיל פון אייך זיינען געבליבן לעבן!

איך קום צוריק קיין ווילנע. יצחק דאנישעווסקי טיילט מיר מיט אז אין פוילן פונקציאָנירן קיבוצים און א ציוניסטישע באוועגונג. און פון פוילן פאָרט מען קיין ישראל, און שרה אלפעראוויטש איז אין ישראל און וווינט אין חדרה.

אין 1946 דעצ. פאָר איך אָפּ קיין לאָדזש. איך שליס זיך אָן א קיבוץ. עס איז א הכשרה-פּלאַץ ווו מען גרייט זיך צו צו פאָרן קיין ישראל. פאָרן אהיים... ביז 1948 בין איך מיט מיין שוועסטער אין קיבוץ. דעם זעלבן יאָר אָנגעקומען קיין ישראל.

רבקה מארקוס (יאמניק)

# אין געטא און אין די לאגערן

געבוירן אין סמארגאָן. דער פאָטער האָט געהייסן יעקב מארקוס. דער מוטערס מיידלשער נאָמען איז געווען ציליע דאנישעווסקי.

מיר זיינען געווען דריי קינדער: איך, טייבעלע און נאָטעלע.

מיר האָבן געהאט אן אייזנגעשעפט אויפן מארק. דער פאָטער איז א כלל-טוער און אן אלגעמיינער ציוניסט.

1941. עס ברעכט אויס דער קריג. אין שטאָט — א פאניק. מיר ווייסן ניט וואָס מיר זאָלן טאָן. אלע אנטלויפן. דער פאָטער האָט געזאָגט, אז מיר זאָלן טאָן וואָס אלע טוען. ד.ה. זיך איינפאקן, נעמען מיט זיך זאכן וויפל עס לאָזט זיך, און פארלאָזן סמארגאָן.

מיר האָבן זיך געלאָזן אין וועג אריין צופוס, אָנגעלאָדן מיט פעקלעך און זעקלעך. די שטוב געלאָזן אויף הפקר, אפילו ניט פארשלאָסן.

געגאנגען א גאנצע נאכט און זיך ניט אָפּגעשטעלט. צומאָרגנס, אז עס איז געוואָרן ליכטיק, איז געקומען אן עסקאדראָן פון דייטשע עראָפּלאנען און באָמבארדירט. מיר האָבן זיך צעלייגט אויף דער ערד. די באָמבארדירונג האָט געדויערט א פאָר שעה. אז עס איז געוואָרן שטילער, האָבן מיר זיך געלאָזן ווייטער אין וועג. די פויערים האָבן פארשפרייט קלאנגען, אז די דייטשן ווארפן גאז־באָמבעס.

הונגעריקע און אויסגעמאטערטע פון לאנגן וועג און טויט-שרעק, זיינען מיר אריין אין א שטוב צו א פויער, און געבעטן אונדז געבן עסן און לאָזן זיך אָפּרוען. דער פויער און פויערטע האָבן אויף אונדז רחמנות געהאט און זיי האָבן אונדז געגעבן פרישע ברויט און מילך און אונדז געלאָזן ביי זיי נעכטיקן. מיר זיינען ביי זיי געבליבן עטלעכע מעת-לעת. אָבער די שכנים-פויערים זיינען געקומען און האָבן געדראָט דעם פויער וואָס האָט אונדז געהאלטן, אז אויב ער טרייבט אונדז גלייך ניט ארויס, וועלן זיי אונדז אלעמען אויסקיילען און אים דערמאָרדן.

האָבן מיר געמוזט זיך לאָזן ווייטער אין וועג. אין לעבעדאווע האָבן מיר געהאט דער מוטערס א טאנטע, האָבן מיר באשלאָסן גיין קיין לעבעדאווע און זיין ביי איר. מיר האָבן אזוי געטאָן. געווען ביי דער טאנטע א וואָך צייט. פארהעלט-נישמעסיק איז דאָרט געווען שטיל, דאָס שטעטל האָבן די דייטשן באָמבארדירט, און די דאָרטיקע ניט-יידישע באפעלקערונג האָט אונדז ניט פארפאָלגט. צרות איז אָבער געווען מיטן עסן. שווער געווען צו קריגן פראָדוקטן. די פויערים האָבן מורא

געהאט צו קומען אין שטעטל אויף די מארק-טעג. האָבן פּאָטער און מוטער באַשלאָסן, אז מיר זאָלן גיין צוריק קיין סמארגאָן, ווייל וווהין צו אנטרינען פון די דייטשן איז ניטאָ. א באמת רויקן זיכערן פּלאַץ איז אוממעגלעך צו געפינען.

די מוטער האָט מורא געהאט צו לאָזן דעם פּאָטער גיין מיט אונדז. די דייטשן זאָלן אים ניט פארנעמען אויפן וועג און אים שיקן אויף ארבעט. איז דער פּאָטער מיטן יינגסטן פון אונדז, נאטעלע, געבליבן אין לעבעדאווע. און מיין מוטער, איך און מיין שוועסטער, האָבן זיך געלאָזן אין וועג אריין, צוריק קיין סמארגאָן. אז מיר וועלן אויסגעפינען אז אין סמארגאָן איז שטיל און דער וועג איז ניט געפערלעך, וועלן מיר קומען צופאָרן און זיי אָפּנעמען. מיר זיינען געווען זיכער אז אונדזער צעשיידן זיך איז בלויז אויף א קורצער ווײַלע, אזוי אז מיטן פּאָטער האָבן מיר זיך כמעט ווי ניט געזעגנט.

מיר זיינען געקומען קיין סמארגאָן. מיר האָבן זיך דערפרייט צו געפינען אונדזער שטוב ניט קיין פארברענטע. אין אונדזער שטוב האָבן מיר דערוווּסט דעם זיידן, בערל דאנישעווסקי, דער מוטערס פּאָטער. אזוי ווי זיין הויז איז אָפּגע-ברענט געוואָרן, האָט ער זיך אריינגעקליבן צו אונדז.

די מוטער איז אוועק צוריק קיין לעבעדאווע ברענגען דעם פּאָטער מיטן זון און מיר. איך און מיין שוועסטער, זענען געבליבן מיטן זיידן. אז די מוטער איז געקומען אין לעבעדאווע, האָט זי דעם פּאָטער ניט דערוווּסט. די ס.ס. לייט זיינען געקומען און אים, ווי אלע מענער, פארנומען. מען האָט זיי אלעמען אָפּגעפירט קיין מאלאדעטשנע. איז די מוטער אוועק קיין מאלאדעטשנע. אוועק צופוס. זי האָט טאקע דעם פּאָטער געפונען אין לאגער, אָבער אים ארויסנעמען פון די נאצישע לאפעס האָט זי ניט געקאָנט. האָט זי אים מיט א צעבראָכן הארץ איבער-געלאָזן און אוועק צוריק קיין סמארגאָן אכטונג געבן אויף אירע קליינע קינדער.

אז די מוטער איז געקומען מיט נאטעלען אָן דעם פּאָטער, און מיר האָבן זי דערזען א פארחושכטע, האָבן מיר אויסגעבראָכן אין א יאָמער געוויין, ווי דאָס הארץ האָט אונדז געזאָגט, אז מער וועלן מיר אונדזער טאטן ניט זען און מיר בלייבן פאריתומטע.

עס זענען דערגאנגען צו אונדז פארשיידענע קלאנגען אז מען האָט זיי פון מאלאדעטשנע אָפּגעשיקט קיין סאל אָדער גאָר קיין לידע. די מוטער האָט גע-וואָלט גיין זוכן דעם פּאָטער, אָבער דער זיידע האָט זי ניט געלאָזן. ער האָט מורא געהאט צו בלייבן אליין, א זקן, מיט די קליינע קינדער אויף זיינע הענט אין אזא גרוילי‌קער צייט. מער האָבן מיר פון פּאָטער ניט געהערט. קיינער פון די פארנומענע אין לעבעדאווע און אנדערע מקומות און געבראכטע קיין מאלאדעטשנע און פונדאנענט ארויסגעשיקטע, איז ניט געבליבן לעבן. די נאציס האָבן זיי דערשאָסן.

יעדער טאָג איז געקומען מיט פרישע צרות. אין א קורצער צייט האָט מען איינגעפירט צוויי געטאָס, איינער אויף דער „קרקע", דער צווייטער אין סמארגאָן

אויפן שול-הויף. זיינען מיר מיט אונדזערע ביסל זאכן אריבער אין געטאָ אויפן שול-הויף. דאָ האָבן מיר זיך ארייַנגעקליבן צו א פאמיליע מיטן נאָמען סאראכאן. אין דעם זעלביקן הויז האָבן געווינט: מיין פעטער מאיר גאָלבערג מיט זיין פאמיליע. דאָס מיינט זיין פרוי מאניע. די טאָכטער ביילע אסתרקע און שרהלע דעם פאָטערס א שוועסטער; די פאמיליע פאמאטשניק, פאָטער, מוטער און פיר קינדער; פאמיליע מירסקי, פאָטער, מוטער און צוויי קינדער; מיין זיידע דאנישעווסקי; די משפחה פערל. דערצו סאראכאנס א שוועסטער. מען קאָן זיך שוין פאָרשטעלן די ענגשאפט. אין איין הויז אזויפיל משפחות. דאָך האָבן מיר זיך ניט באקלאָגט. פאָרט צווישן יידן און צווישן פריינטלעכע מענטשן.

מיט עסנווארג פלעגן מיר זיך אן עצה געבן. די מוטער פלעגט זיך ארויס-גנבענען פון געטאָ און ביי באקאנטע פויערים אויסטוישן זאכן אויף שפייז-פראָדוקטן. ביי אונדז האָט אפילו א ייִנגל, א פליט, געהאט א טאָג. ער האָט „געגעסן טעג", ווי אמאָליקע ישיבה-בחורים.

יעדן פרימאָרגן פלעגט פאָרקומען אן אויפזאמל, אן איבערצייל. דערנאָך פלעגט מען אונדז שיקן אויף ארבעט, דהיינו רייסן גראָז, רייניקן דעם ברוק. דער אויפפאסער אויף אונדזער ארבעט איז געווען א פאָליאק מיטן נאָמען קאשעקאָווסקי. ער איז געווען א יונגער שייגעץ, וואָס האָט צוזאמען מיט אונדז געגאנגען אין גימנאזיע. ער פלעגט שלאָגן אונדז ברוטאל, זיך איזדיעקעווען איבער אונדז, באפעלן זינגען און שטרענג אָנזאָגן אונדז ווי צו טראָגן די בעזימער.

אין געטאָ האָט זיך געשאפן א „יודנראט". ער איז באשטאנען פון די רבנים, מארקוס און סלאָדזינסקי, יאוויץ, נח גאָלדבערג, מירסקי, פערל, אבראשא צירולניק, סאראכאן און נאָך אייניקע.

יעדער נייער טאָג פלעגט קומען מיט נייע גזירות. דאָ האָט דער געביט-קאָמיסאר געפאָדערט גאָלד, דאָ קאראקולענע מאנטלען, לעדערנע מאנטלען, דאָ איינפאכע בגדים און שטיוול. אזוי ווי מיר האָבן געוווינט אין הויז פון איינעם, וואָס איז געווען א מיטגליד פון „יודנראט", האָבן מיר געוווּסט פון יעדער געשעעניש. יעדע פאָדערונג פון די נאציס איז באגלייט געוואָרן מיט א דראָאונג: אויב זי וועט ניט אויסגעפילט ווערן צו דער שעה פינקטלעך, וועט מען אונדז אלעמען אויס-שיסן. מיר האָבן דורכגעמאכט געגונג שלאפלאָזע נעכט.

מיין מוטער איז געווען די פאַקערין פון די קליידער, וואָס מ'האָט געמוזט צושטעלן אין דער געהעריקער אָרדענונג.

אזוי ווי אין שטאָט האָבן זיך נאָך געפונען א צאָל רייכע יידן, האָט דער „יודנראט" געהאט די מעגלעכקייט נאָכצוקומען די רעקוויזיציע-פאָדערונגען פון דעם געביט-קאָמיסאר.

יעדן טאָג פלעגט מען איבערגעבן גרויל-ידיעות: אין לעבעדאווע האָט מען פארברענט די יידן אין שול לעבעדיקערהייט, אויפן פאנאר האָט מען הונדערטער

יידן דערשאָסן. דאָס אייגענע, האָט מען דערציילט, איז פאָרגעקומען אין פארשיי-
דענע שטעט און שטעטלעך.

מיר האָבן געלעבט אין הוילער טויט־שרעק. ווער ווייסט וואָס דער מאָרגן וועט אונדז ברענגען.

צופעליקערווייז בין איך אריין ארבעטן צוזאמען מיט מיין מוטער. די ארבעט איז באשטאנען אין האלטן ריין א שולע און פירן א ווירטשאפט פאר א זעלנער-הים. זיי פלעגן קומען, איבערנעכטיקן און אוועק אויפן פראָנט. דערצו פלעגן מיר נאָך רייניקן די פעלד-קיכן. פאר דער ארבעט האָבן מיר באקומען פראָוויאנט. אזוי ווי מיר האָבן נאָך געהאט אייגענע שפייז, ווי ברויט און קארטאָפל האָבן מיר געהאט די מעגלעכקייט זיך אויסצוהיטן פון עסן-טרפות. די פראָוויאנטן וואָס מיר האָבן באקומען פלעגן מיר צעטיילן צווישן די נויטבאדערפטיקע און פארהונגערטע משפחות אין געטאָ. אונדזער ארבעט האָט געהאט נאָך א מעלה: פון די דייטשן וואָס פלעגן דורכפאָרן פלעגן מיר ארויסקריגן אינפאָרמאציע וועגן אלץ וואָס עס קומט פאָר אויפן פראָנט און אויך אין דייטשלאנד.

אונדזער ארבעט, אויסער רייניקן, איז אויך באשטאנען אין הייצן די אויוונס, וואשן וועש, צירעווען. איך בין דעמאָלט אלט געווען אינגאנצן 14 יאָר. מיט מיר האָבן געארבעט ארום צען מיידלעך, בערך אין מיינע יאָרן. אייניקע נעמען געדענק איך: ביילע גאָלדבערג (אומגעקומען אין עסטלאנד), אסתר פאמאטשניק, מוסיע מעלניק, בערטא פערל (אומגעקומען לעבן דאנציק), פאניע רובינטשיק.

אונדזער גורל איז געווען אין די הענט פון אָרט-קאָמענדאנט. אין פאל ער איז געווען ווייניקער חיה-רעה ווי א דורכשניטלעכער נאצי, איז אונדזער לעבן געווען א האָר לייכטער. מיר האָבן געקאָנט אוועקגיין אין דאָרף צו די פויערים און זיך איינשאפן פראָוויאנט אין אויסטויש פאר קליידער אָדער צירונג אָדער געלט; איז ער געווען א כלב שבכלבים, איז געווען גאָר שלעכט. מען האָט קיין עסנווארג ניט געקאָנט אריינברענגען צווישן די מויערן פון געטאָ, און אונדז האָט געדראָט הונגער־טויט אין גרויזאמסטן טייטש פון וואָרט.

אין איין חושכדיקן פרימאָרגן האָט מען באפוילן אלעמען, קליין און גרויס, יונג און אלט, ארויס אויפן שולהויף און זיך אויסשטעלן. די פאניק איז געווען גרויס. מיר האָבן געטראכט, אז עס שלאָגט פאר אונדז די לעצטע שעה. מען האָט אונדז איבערגעציילט, זיך צו דערקונדיקן, אז קיינער פעלט ניט. דער „יודנראט" האָט צוגעגרייט און צוגעשטעלט צום געטאָ-אויפזעער א רשימה פון יונגע מענטשן, צו איינעם פון יעדער משפחה אויף צו שיקן אויף ארבעט אין א לאגער.

איך בין געווען אין דער רשימה. אָבער אזוי ווי איך האָב געארבעט אין אָרט-קאָמענדאנטור, האָט די פארוואלטונג פון דער קאָמענדאנטור מיך פארהאלטן, און פון אונדזער משפחה האָט מען געשיקט אין ארבעט-לאגער מיין ייִנגערע שוועסטער, טייבעלע. הארצרייסנדיק איז געווען דאָס געזעגנען זיך מיט איר. איך

און די מוטער זיינען געווען פול מיט שרעק, זי זאָל, חס-וחלילה, ניט אומקומען, ווי דער אומגליקפאַל איז געווען מיטן פאָטער.

איך בין געבליבן ווייטער ארבעטן אין אָרט-קאָמענדאנטור. און דער צרהדי-קער לעבן איז אנגעגאנגען ווי פריער. מען האָט, אָבער, מיט-אמאָל געגומען שטארק ריידן וועגן דעם, אז מ׳גייט אינקורצן ליקווידירן סמארגאנער געטאָ. וועגן דעם ווי אזוי אָט-די ליקווידאציעס קומען פאָר, האָבן מיר געהאט א ריכטיקע פאָרשטעלונג. דאָס האָט געמיינט, אז א היפשן טייל פון די געטאָ-יידן וועט מען אומברענגען. מיר זיינען געווען אינגאנצן פארצווייפלט און הילפלאָז. וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן מער ווי לעבן אין הוילער טויטשרעק. דאָך האָב איך ניט געקאָנט צולאָזן דעם געדאנק, אז מען וועט מיך נעמען און סתם, אָן א פארוואָס און אָן א פארוועו, דערהרגענען : אונטערן אש פון שווארצן יאוש האָט געטליעט א פונק פון האָפענונג און דער דאָרשט צו לעבן, אונטער אלע אומשטענדן, אבי בלייבן לעבן, איז געווען שטארק.

אין א געוויסן טאָג האָט מען אונדז געלאָזט וויסן, אז עס פאָדערן זיך נייע מענטשן אין די ארבעט-לאַגערן, און יעדער וואָס האָט א קרוב אין אן ארבעט-לאַגער קאָן אויסקלויבן יענעם לאַגער וו זיין קרוב ארבעט, און זיך אהין טראנס-פערירן. האָב איך אויסגעקליבן דעם ארבעט-לאַגער זשעזשמיר, ווייל דאָרט האָט געארבעט מיין שוועסטער.

2

מען האָט אונדז אָפּגעפירט צו דער סטאנציע אונטער א שווערער וואך און אונדז אריינגעפאקט אין פראכט-וואגאָנעס. מיר האָבן מיטגענומען זאכן, מיר זאָלן האָבן וואָס אָנצוטאָן און וואָס איבערצובייטן. פארן אָפּפאָרן אין לאַגער האָט די מוטער געלאָזט מאכן ביי א שוסטער פאר מיר א פּאָר שטיוועלעך. זיי זיינען געווען רויטע, האָט די מוטער מורא געהאט מ׳זאָל זיי פון מיינע פיס ניט אראָפּשלעפּן. זיי זיינען געווען צו שיין פאר א „יידישקע" צו טראָגן, האָט זי זיי פארשמירט און פארשווארצט.

דריי מעת-לעת האָט גענומען דאָס שלעפּן זיך מיט דער באַן. די וואגאָנעס זיינען געווען קאלטע, אָנגעפּראָרענע. עסן האָט מען ניט געגעבן. אויך ניט א טרונק וואסער. מ׳האָט אונדז געהאלטן פארשפּארט און אפילו ניט געלאָזט ארויסגיין אויף באדערפעניש. אז מיר זיינען אָנגעקומען אויפן פּלאץ און די דייטשן האָבן אויפגעעפנט די טירן פון די וואגאָנעס און זיי האָבן דערזען וואָס איגעווייניק טוט זיך, האָבן זיי געשריען, אז מיר זיינען שמוציקע חזירים.

אָנגעקומען אין זשעזשמיר, האָט מען אונדז צוגעפירט צו א פארמאכטן טויער. אז מיר זיינען אריין האָבן מיר דערזען א שול און אנטקעגן איבער א צווייטע געביידע, וואָס איז געווען אַן הכנסת־אורחים אָדער א „הקדש".

מען האָט אונדז איבערגעציילט צו זען צי אַלע זיינען דאָ און קיינער איז ניט אַנטלאָפֿן פֿון וועג.

מען האָט אונדז, 300 פֿרויען, איינגעקוואַרטירט אין שול, אין וועלכער עס זיינען געווען איינגעריכט דריי גאַרנדיקע נאַרעס. די אַרבעטאָרינס זיינען געווען ביי דער אַרבעט, אַזוי אַז די שול איז געווען ליידיק. איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט אויף דער שעה, ווען מ׳קומט צוריק פֿון דער אַרבעט און איך זאָל זיך באַגעגענען מיט מיין שוועסטער. שפּעט אין אָוונט איז מיין שוועסטער אָנגעקומען. די שמחה אונדזערע איז געווען זייער גרויס. איך האָב זיך געפֿרייט, וואָס איך האָב זי געפֿונען אַ „לעבעדיקע" און געזונט, הגם אַ שווער פֿאַרהאָרעוועטע.

מיר האָבן באַקומען דעם ערשטן מיטאָק אין אַרבעט-לאַגער. ער איז באַשטאַנען פֿון געקאָכטע קאַרטאָפֿל אין אַ סך וואַסער און פֿאַרבראָקט מיטן אָפּפֿאַל און איבערבלייבענישן פֿון די דייטשע געריכטן. וואָס די נאַציס פֿלעגן איבערלאָזן אויף זייערע טעלערס נאָכן עסן, פֿלעגן די קוכערס אַריינטאָן אין אונדזער „זופּ". צו דעם „געקעכץ" האָבן מיר באַקומען צוגעטיילט אַ קליינע פּאָרציע ברויט, אַלעמען פּינקטלעך גלייך, און מאַרגאַרין. אַז דער אויפֿזעער האָט דערזען מיינע שטיוועלעך, האָט ער זיי גלייך געוואָלט אַראָפּציען ביי מיר פֿון די פֿיס.

איך האָב זיך איינגעאָרדענט אויף אַ נאַרע אויפֿן דריטן גאָרן לעבן מיין שוועסטערס פּלאַץ. איך האָב אויף זיך גענומען דעם פֿולן עול פֿון לאַגער־לעבן. וואַסער איז געווען זייער ווייניק. מיר האָבן ניט געהאַט וואָס צו טרינקען און אויך ניט מיט וואָס זיך אַרומצווואַשן. איך האָב באַלד באַשלאָסן זיך לאָזן אָפּשערן מיינע צעפּ, כדי ניט צו דאַרפֿן צוואָגען דעם קאָפּ.

קיין באַלייכטונג איז ניט געווען. מיר האָבן געצונדן קינעלעך, וואָס מיר פֿלעגן זיי אָנקלייבן בשעת דער אַרבעט. יעדע פֿרוי האָט געברענט אַ קינעלע, וואָס האָט געריכערט און געטשאַדעט, אַזוי אַז יעדע פֿרוי אין דער פֿרי פֿלעגט אויסזען שוואַרץ פֿון דער סאַזשע. די לופֿט איז געווען אָנגעזעטיקט מיט רויך און געפּערלעך פֿאַרשטיקט.

פֿרי פֿאַרטאָג האָט מען געקלונגען. געוועקט אויפֿצושטיין. מ׳האָט אונדז געגעבן שוואַרצע קאַווע, האָבן מיר עס געברויכט אויף אַרומצוּוואַשן זיך דעם פּנים און די הענט.

וואַסער אין לאַגער איז געווען אַ גאָר טייערער אַרטיקל. צו גיין קריגן וואַסער האָט מען געמוזט איינשטעלן דאָס לעבן. לעבן שול איז געווען אַ מקווה און אַ באָד, אָבער זי איז געווען אַזוי אָפּגעלאָזן, אַז פֿון וואַשן זיך דאָרט איז מען געקומען שמוציקער ווי פֿאַרדעם.

מיר האָבן געאַרבעט אויף דורכפֿירן אַ שאָסיי. מיר האָבן געטאָן די שוואַרצע שווערע אַרבעט, געגראָבן די ערד, געטראָגן די שטיינער. אַזייגער צוועלף פֿלעגט מען ברענגען אונדזער מאָלצייט: וואַסער מיט קאַרטאָפֿל מיט אַ ביסל מעל פֿאַר-

מישט. אויב מ׳האָט געשאָכטן א חזיר, פלעגן די קוקארעס אריינגיסן אין אונדזער זופּ דאָס וואסער אין וועלכן מ׳האָט דעם דבר-אחר אָפּגעוואשן.

אייניקע פרויען פלעגן איינשטעלן דעם לעבן, זיך ארויסגנבענען פון לאגער און גיין אויסבייטן קליידער אויף עסנווארג. די וואָס האָבן אליין ניט פארמאָגט איבעריקע קליידער, פלעגן זיי נעמען די אָנטועכצן פון די מער פארמעגלעכע און אויספילן די שליחות פון אויסטויש און פאר זייער טרחה און ריזיקע פלעגן זיי באקומען א גלייכן חלק.

פון צייט צו צייט פלעגט קומען אן אויטאָ און אין אים דער אויפזעער פון ארבעט-לאגער. ער איז געווען א גרויסער כאבארניק. פלעגט ער ברענגען אין לאגער אריין פּראָוויאנט געשיקט פון די עלטערן צו זייערע קינדער, וואָס זיינען געווען אין לאגער און זיי אליין האָבן זיך נאָך געפונען אין אשמיענער געטאָ. ער פלעגט אויך ברענגען בריוו און זאכן געשיקטע צו אונדז פון די עלטערן.

מיין מוטער מיט איר פאָטער און ברודערל נתן האָבן זיך געפונען אין אשמע-ניער געטאָ. סמארגאנער געטאָ איז שוין געווען ליקווידירט.

די אומסאניטארע באדינגונגען אין לאגער האָבן גורם געווען דערצו אז א גרויסער פּראָצענט פון פרויען און מענער זיינען קראנק געוואָרן אויף טיפוס.

איך בין טאַקע קראנק געוואַרן אויף טיפוס. אין לאגער איז געווען א יידישע קראנקן-שוועסטער און זי האָט אויפגעפּאסט אויף די קראנקע. איך געדענק אז ווען איך האָב זיך גענומען בעסערן, האָט זיך מיר געחולמט אז איך געפין זיך אין דער היים, ליג אין בעט אויסגעבעט מיט א ווייסן ליילעך. אז איך האָב זיך אויפגעכאפּט, האָב איך דעם חלום פותר-געווען ווי א סימן אז איך וועל אינגיכן געזונט ווערן. די קראנקן-שוועסטער האָט מיר דערציילט, אז פון היץ האָב איך געשריען און זיך געבעטן מען זאָל מיך אוועקנעמען פון פענצטער, ווייל די נאציס וועלן מיר דערשיסן. איך בין טאקע געלעגן ביי א פענצטער. די קראנקן־שוועסטער האָט מיך צוגעזעצן און זיך געמיט מיך צו שטארקן, פלעגט זי מיר געבן קאווע און גריץ אויף וואסער, אָן א טראָפּן מילך. אז איך בין שוין, אזוי צו זאָגן, געזונט געוואָרן, בין איך געווען אזוי אָפּגעשוואכט, אז איך האָב ניט געקאָנט שטעלן א טראָט. איך האָב זיך געשארט ביי די ווענט. עס האָט גענומען א היפּשע צייט ביז איך האָב זיך געקאָנט האלטן אויף די פיס.

עס איז געווען א סכנה אויסצוזאָגן אז מ׳איז קראנק אויף אט־דער אַנשטעקנדיקער חולאת, ווייל דעם חולה וואָלט מען ארויסגעשיקט פון לאגער אויף אומצוברענגען. פלעגט דער יידישער לאגער־אויפזעער שטילערהייט איזאָלירן די חולאים, און פאר זייער ניט ארויסקומען צו דער ארבעט, אַנגעבן פארשיידענע אויסרעדן און רעכט אויף קראנקייטן, אבער ניט טיפוס. קיין מעדיקאמענטן זיינען ניט געווען, און בעטן רפואות האָט מען מורא געהאט. די דייטשע אדמיניסטראציע זאָל זיך ניט דערוויסן אז מ׳איז קראנק.

א גליק וואָס איך האָב געהאַט איבעריקע קליידער, האָב איך זיי געגעבן צו מיינע פריינט און זיי פלעגן זיך ארויסגנבענען פון לאַגער, עס אויסבייטן און מיר ברענגען א ברויט, א שטיקל פּוטער, סאַלאַ. מיט דער שפּייז האָב איך זיך געקרעפטיקט און איך האָב שוין געקאָנט נעמען גיין צו דער ארבעט.

איין אָוונט מיר קומען מידע אויסגעשעפּטע פון דער שווערער ארבעט און מיר דערוויסן זיך אז אין אשמענער געטאָ, ווו עס האָבן זיך געפונען אונדזערע נאָענטסטע, האָט מען צעשאָסן די יידן. געגוי וועמען האָבן מיר ניט געקאָנט דערגיין. מיר האָבן אלע געקלאָגט און געוויינט, געטרויערט און באוויינט די אומגעקומענע, אזוי א גאנצע נאכט. צומאָרגנס האָבן מיר זיך אביסל בארויקט אין דער האָפענונג, אז די קלאנגען זיינען אויסגעטראכטע און מ׳דאַרף זיי ניט אָננעמען פאר ריכטיקע ידיעות. מיר האָבן געהאָפט און געגלויבט אז אזוי ווי מען האָט ליקווידירט אשמיענער געטאָ, וועט מען די געטאָ יידן אריבערשיקן אין אנדערע לאַגערן. ווי דאָס הארץ האָט מיר געזאָגט, זיינען טאקע א פּאָר וואָכן שפּעטער אָנגע-קומען די עלטערן פון אשמיענער געטאָ, אין אונדזער לאַגער, צווישן זיי מיין מוטער, דער זיידע און מיין ברודערל, נתן. די משפּחות האָבן זיך פאראייניקט און אלע זיינען געווען איבערגליקלעך: אזא פרייד! אין ליידן אָבער צוזאמען. מען האָט פארגרעסערט דעם לאַגער, און מיר האָבן זיך אלע ווי ניט ווי איינגעקווארטירט צוזאמען. די ארבעט איז אָנגעגאנגען ווי געוויינטלעך אָן איבעררייסונגען און אָן באזונדערע אומגליק-פאלן.

3

פּלוצלונג האָבן זיך באוויזן צענדליקער לאַסט-אויטאָמאָבילן. מיר זיינען געוואָרן זייער אומרואיק. מיר האָבן זיך געשראָקן אז אָט קומען זיי אונדז ערגעץ-וווהין אריבערפירן. אויף אונדזערע נאכפרעגענישן האָט מען אונדז געזאָגט, אז מ׳גייט אונדז טראנספּערירן אין קאָוונער געטאָ.

דעם זשעזשמירער לאַגער האָט מען האַלב ליקווידירט. בלויז 150 פּערזאָן האָט מען איבערגעלאָזן. צווישן די איבערגעבליבענע איז געווען מיין זיידע. אונדז האָט מען געבראכט אין קאָוונער געטאָ.

די יידן אין קאָוונער געטאָ האָבן אונדז אויפגענומען און אונדז איינגעקוואר-טירט אין שול. איך בין געווען צוזאמען מיט מיין מוטער, שוועסטער און ברודערל. אויך מיין פעטערס משפּחה גאָלדבערג, איז געווען צוזאמען מיט אונדז.

שפּעט ביי דער נאכט, ערשט מען קלאַפּט. ווער קלאַפּט? די יידישע פּאָליציי פון געטאָ. אין הוילער שרעק האָבן מיר געעפנט. מיר פרעגן, וואָס ווילט איר, וועמען זוכט איר? — מיר זוכן איינע מיטן נאָמען רבקה מארקוס. — איך בין עס, און איך האָב זיך געמאכט גרייט צו גיין מיט זיי. די מוטער האָט גענומען וויינען, קלאָגן און צושטיין צו זיי און פרעגן וווהין ווילן זיי מיך נעמען. זיי האָבן געזאָגט,

אז איך בין אין דער ליסטע פון די, וואָס מ'שיקט אריבער אין אן אנדער לאגער. שווער איז געווען דאָס שיידן זיך. מיר האָבן מורא געהאט אז מער וועלן מיר זיך שוין ניט זען. דאָס וויינען און קלאָגן פון מיין מוטער און שוועסטער און ברודערל האָט גאָרניט געהאָלפן. מען האָט מיך געפירט איבער די פינצטערע גאסן און מיך נאָך א היפּשן גאנג אריינגעפירט אין א געפענגעניש. דאָ זיינען געווען נאָך פרויען, וואָס זיינען געווען רעגיסטרירט אין דער אייגענער רשימה. א גאנצע נאכט האָבן מיר אלע געוויינט און געקלאָגט, מיט קיין אויג ניט צוגעמאכט.

צומאָרגנס פרי זיינען געקומען דייטשן און מ'האָט אונדז ארויסגעפירט פון גע-פענגעניש און ארויפגעזעצט אויף אויטאָמאָבילן. מיר האָט זיך איינגעגעבן זיך צו פארשטעקן אין א ווינקל, אזוי אז איך בין געבליבן די לעצטע אין געפענגעניש. מיין שוועסטער, טייבעלע, האָט אונדערפרי, ווען זי האָט זיך געמאָלדן צו דער ארבעט, איבערגעגעבן דעם מייסטער-אויפזעער פון פאבריק, ווו מיר האָבן געאר-בעט, אז מען וויל מיך טראנספערירן אין אן אנדער לאגער. האָט ער זיך איינגע-שטעלט פאר מיר. מען האָט מיך געבראכט צוריק פון געפענגעניש און געשטעלט ארבעטן צוריק אויף מיין אלטן פּלאַץ, ווי פריער.

אין איינעם א טאָג זיינען אריין אין געטאָ אסך דייטשן. זיי זיינען געגאנגען פון שטוב צו שטוב און ארויסגענומען מענטשן פון די הייזער. מיר האָבן ניט געוווּסט וואָס דאָ קומט פאָר. אָבער א שכנה אונדזערע, אז זי האָט דערזען אז די דייטשן דערנענטערן זיך צום הויז, ווו מיר האָבן געוווינט, האָט זי מיך און נאָך אייניקע מיידלעך, דערהויפּט קינדער, אריינגעוואָרפן אין קעלער און אונדז פאר-שלאָסן. מיר זיינען דאָרט אָפּגעזעסן א פולן מעת-לעת, פארטאיעט, מורא האָבנדיק צו אָטעמען, די דייטשן זאָלן אונדז ניט אויסשפּירן. מיר האָבן זיי געהערט גיין איבערן דיל, קלאַפּן מיט די שטיוול איבער אונדזערע קעפּ. מיר האָבן געהערט שיסערייען, מיר האָבן אָבער ניט געוווּסט וואָס עס טוט זיך דאָ אין אונדזער געסל. אז עס איז שטיל געוואָרן, זיינען אייניקע פון אונדז ארויסגעקראָכן פון קעלער. זיי זיינען געקומען צוריק און אונדז איבערגעגעבן אז מ'האָט טויזנטער מענטשן אָפּגעשיקט קיין עסטאָניע. צווישן די אָפּגעשיקטע איז געווען מיין פעטער גאָלדבערג מיט זיין גאנצער משפחה. מיר האָבן זיי מער ניט געזען. זיי זיינען אלע אומגעקומען.

פאר א קורצער צייט האָט זיך דער לעבן אין געטאָ איינגעשטעלט. אונדז אלעמען האָט מען אריבערגעפירט אין א צווייטן טייל פון געטאָ. איך און מיין שוועסטער זיינען אָבער געבליבן ארבעטן אויף דער אייגענער פאבריק. די מוטער איז אויך אוועק ארבעטן אויף איר פּלאַץ.

איין טאָג ווי מיר זיצן אזוי און ארבעטן אין דער גומי־פאבריק, ערשט מ'גיט איבער איינער צום אנדערן שרעקלעכע נייעס, אז אין געטאָ זיינען אָנגעקומען הונדערטער אויטאָמאָבילן מיט ס.ס.-לייט און זיי פירן ארויס אלע

קינדער פון געטאָ. פילע ארבעטער און ארבעטאָרינס האָבן געהאט איבערגעלאָזן זייערע קינדער אין שטוב און אליין אוועק פארפרי צו דער ארבעט. מיר האָבן קוים זיך געקאָנט דערוואַרטן אויף דער שעה ווען מ׳לאָזט גייך אהיים. מיר האָבן נאָך אלץ געהאָפט אז מיר וועלן געפינען די קינדער אין דער היים.

מיר דערנענטערן זיך צו אונדזער הויז, ערשט אונדזער ברודערל, נתן, קומט אונדז ניט אנטקעגן, ווי ער פלעגט טאָן יעדן טאָג. מיר פארלירן נאָך ניט די האָפענונג. מיר טראכטן, די מאמע פארן אוועקגיין צו דער ארבעט האָט אים אָנגע-זאָגט אז אויב ער דערהערט א גערודער און עפּעס קומט פאָר, זאָל ער זיך אויסבא-האלטן. איז ער ערגעץ פארשטעקט. מיר האָבן אים ארומגעזוכט, אויפן בוידעם, אין קעלער, אויפן הויף — אינערגעץ ניט געקאָנט געפינען. האָבן מיר שוין געוווסט אונדזער בראָך. זיינען מיר געבליבן זיצן אין אונדזערע ווינטער-מאנטלען און אָפּגעוויינט א גאנצע נאכט, און פון פארצווייפלונג זיינען מיר צומאָרגנס ניט געגאנגען צו דער ארבעט.

מיר האָבן געמיינט, אז די דייטשן, די חיות-רעות, האָבן זיך באפרידיקט מיט די קרבנות, ערשט מיר האָבן זיך געטאַרט. אויף מאָרגן זיינען ווידער אָנגעקומען ס.ס.-לייט מיט שפירהינט און זיי האָבן אויסגעזוכט פארבאהאלטענע, און אז זיי האָבן געפונען ערגעץ פארשטעקטע קינדער, האָבן זיי זיי געוואָרפן דורך די פענצטער פון די העכערע שטאָקן, אָדער צעריסן אויף שטיקער, אָדער געשלעפּט ביי די האָר איבער די שטיגן און זיי צעמזיקט און צעהרגט. אזוי האָבן די ווילדע דייטשן געבושעוועט אין קאָוונער געטאָ א גאנצן טאָג.

אין פארצווייפלונג האָבן מיר געוואָלט מיטגיין מיט די קינדער, האָבן זיי אונדז אָפּגעטריבן. טייכן קינדעריש בלוט און ימען מוטערס טרערן זיינען אין די פּאָר טעג פארגאָסן געוואָרן. אין פאלן ווען די מוטערס האָבן באין-אופן ניט אָפּגעלאָזט זייערע קינדער, האָבן זיי די מוטערס מיטגענומען. מ׳האָט איבערגעגעבן, אז אלע פארנומענע קינדער האָט מען אָפּגעפירט אויפן פערטן פארט און זיי אלע אויסגעשאָסן.

מיר האָבן איבערגערעדט מיטן אופזעער פון פאבריק, שאכאט, און איט געבעטן ער זאָל ארויפנעמען די מוטער צו ארבעטן. אזוי אז מיר זאָלן זיין צוזאמען אויך ביי דער ארבעט. ער האָט אונדז די געפעליקייט געטאָן.

עס האָבן זיך צעטראָגן קלאנגען אז די נאציס גייען ליקווידירן די קאָוונער געטאָ. א טייל יידן האָבן גענומען בויען „מאלינעס” (פארבאהעלטעניש פלעצער) אונטער די הייזער אָדער אין די הייזער. אנדערע בויערס האָבן ארויסגעצייגט אויסערגעוויינטלעכע „ארכיטעקטאָנישע” אויפטואונגען. מיר האָבן ניט געהאט ווו זיך צו באהאלטן און מיר זיינען געווען געשטימט פאטאליסטיש, זאָל געשען וואָס ס׳וועט געשען.

אין א זונטיק ערשט מ׳הייסט אונדז אלץ צוזאמענעמען. מ׳האָט אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און אונדז געפירט איבער די גאסן פון קאָוונע. וווהין? איז עס דער סוף? נאָך די פּאָר שעה שלעפּעניש געפינען מיר זיך אויפן ברעג פון טייך. מיר זעען א בארזשע. מען האָט אונדז אלעמען אריינגעשפּארט אין דער בארזשע. מיר זיצן איינגעפּערעסט, רעזיגנירט און טראכטן: וועלכער טויט דערוואַרט אונדז, דערשאָסן אָדער דערטרונקען צו ווערן?

עס איז פרילינג 1943. מיר פאָרן אויף דער שיף. מען גיט אונדז עסן ברויט און ווורשט. מיר זיינען אזוי אָפּגעפּאָרן אומגעפּער א וואָך. מיר דערזעען א גרויסע שטאָט. מ׳זאָגט אונדז, עס איז קעניגסבערג. אין קעניגסבערג שטייען מיר א האלבן טאָג. האלבע, פערטל יידן פון שטאָט ברענגען אונדז ברויט. מיר פאָרן ווייטער און קומען אָן צו א ברעג. מ׳זעצט אונדז ארויס און מ׳פירט אונדז צו פוס. מיר זעען אן אויפשריפט „שטוטהאָף". מיר האָבן געוווּסט אז דאָ געפינען זיך קרעמאטאָריומס. די פּאניק צווישן אונדז איז גרויס. מיר זיינען געווען איבער א טויזנט מאן, נאָר-וואָס אָנגעקומען. מיר האָבן געוווּסט, אז פונדאנענט קיין לעבעדיקע גייען ניט ארויס. די וואָס האָבן געהאט ביי זיך געלט, גאָלד, צירונג, האָבן עס געוואָרפן אין די אָפּטרעטן, אבי עס זאָל ניט אריינפאלן צו די דייטשן. עלטערן האָבן זיך געקושט און געזעגנט מיט זייערע קינדער. אלע האָבן געוויינט. מיר האָבן געקייט אונדזער טרוקן ברויט און געטראכט אז דאָס איז אונדזער לעצטע סעודה. אזוי זיינען מיר אָפּגעזעסן א גאנצע נאכט אין א באראק און געוואַרט פארצווייפלטע אויף אונדזער גזר-דין.

צומאָרגנס, אז עס האָט גענומען טאָגן, זיינע געקומען דייטשן מיט די לאגער-קאפּאָס און אונדז אריינגעפירט אין באָד, געהייסן זיך אויסטאָן און צוגענומען אונדזער אָנטועכץ און אלץ וואָס מיר האָבן געהאט ביי זיך. מיר האָבן געשוויגן. איין געדאנק האָט געעגבויערט אין מוח: דאָס זיינען אונדזערע לעצטע שעהן אויב ניט מינוטן.

אז מיר האָבן זיך אויסגעוואשן, האָט מען אונדז ארויסגעיאָגט פון באָד און אונדז געהייסן אָנטאָן די זאכן, וואָס די קאפּאָס האָבן אונדז געגעבן. מיר האָבן זיך אָנגעטאָן און איינע די אנדערע ניט דערקאָנט, אזוי קאָמיש האָבן מיר זיך אויס-געקליידט.

איך האָב דווקא אויסגעקליבן א פּאָר טופליעס מיט הויכע קנאפּל. זיי זיינען מיר צוניץ געקומען. איצט האָט מען אונדז אויסגעשטעלט און אויסגעסאָרטירט. מיר, איך און מיין שוועסטער, זיינען געווען צוזאמען, אָבער מיר האָבן זיך געהאלטן ווי ווילד פרעמדע. ווייל די רשעים האָבן געוואָלט אויף צולהכעיס

צעשיידן קרובים, צערייסן פאמיליעס. מיר זיינען געשטאנענ אין איין רײ זאלבע פערט, איך, מיין שוועסטער און מוטער און בתיה גלעזער.

מ'האָט אונדז אריינגעפירט אין א באראק, געגעבן ברויט מיט מארגארין, אויך אונדז צוגעטיילט סעניעקעס אויסצושפרייטן אויפן דיל. מיר חידושן זיך: מיר זיינען געווען גרייט צום טויט און דאָ לאָזן זיי אונדז גאָר לעבן. עס איז אומגלויבלעך.

איבערגעשלאָפן די נאכט, זיך אָפּגערוט אביסל פון וועג, איז אונדזער מוט געשטיגן. מיר ווארימען אונדזערע האָפענונגען דערמיט וואָס די דייטשן, הפנים, דארפן אונדז האָבן, מיר זאָלן ארבעטן פאר זיי.

צומאָרגנס פרי איז פאָרגעקומען אן אויסשטעלן און איבערציילן. א רוסישע פרוי איז באשטימט געוואָרן פאר דער אויפזעערין איבער אונדזער בלאָק. מיר זיינען אָפּגעשטאנען שוין איבערגעציילטע איבער א שעה צייט. דערנאָך האָט מען אונדז געהייסן צוריק אריינגיין אין באראק. שפּעטער צו זיינען אייניקע פון אונדז ארויס און זיך ארומגעקוקט צו וויסן ווו מיר געפינען זיך. פאר אונדזערע אויגן האָט זיך באוויזן א גרויסער שטח, פארבויט מיט באראקעס. פון איין זייט באראקעס פאר מענער, פון דער צווייטער זייט — פאר פרויען. צווישן זיי שטייט א פּארקן אן עלעקטריפיצירטער, אזוי אז מ'האָט זיך צו אים ניט געקאָנט צורירן.

ווי גרויס איז געווען אונדזער שמחה ווען מיר האָבן דערזען אויף יענער זייט פון פּארקן דעם זיידן. מיר האָבן זיך מיט אים דורכגעוואָרפן מיט א פּאָר ווערטער.

אין א וואָך ארום האָט מען אונדז באפוילן ארויסגיין פון באראק און זיך אויסשטעלן צו פיר. עס זיינען אָנגעקומען דייטשן, האָבן מיר געוווסט, אז עס רוקט זיך אויף אונדז אן אומגליק. זיי האָבן אונדז גענומען סאָרטירן, די אויף רעכטס און די אויף לינקס. די הויכע קנאפּל האָבן מיך געמאכט אויסזען העכער און געשטאלט-נער. די ייִנגערע שוועסטער האָבן מיר זיך אויך געמיט מאכן אויסזען עלטער. האָבן מיר אויפשנעל אָנגעשאָטן זאמד אונטער אירע פיס זי זאָל אויסזען געוויקסיקער און איר אָנגעקניפּט די באקן זי זאָל אויסזען געזינטער. אָבער אונדזערע מיונגען האָבן גאָרניט געהאָלפן. זיי האָבן מיין ייִנגערע שוועסטער ארויסגענומען פון אונדזערע רייען און זי געשטעלט אויף לינקס. די מוטער האָט זיך געכאַפּט מיט וואָס דאָס שמעקט, און אז דער דייטש האָט זיך פארקוקט אין א זייט, האָט זי אויפגיך ארויסגעשלעפּט די שוועסטער און זי אוועקגעשטעלט אויף אונדזער רעכטער זייט.

5

מען האָט אונדז ארויסגעפירט פון שטוטהאָף און אונדז געטריבן צו פוס א פּאָר טעג. מיר זיינען אָנגעקומען אויף א ליידיקן פּלאַץ, אָן קיינע באראקעס, אָן

קיינע שעלטערס. די דייטשן האָבן אונדז געזאָגט, אז דאָ וועלן מיר זיך אויפהאלטן און ארבעטן. מען האָט גלייך גענומען צענויפשטעלן פּאלאטקעס. מען האָט אונדז איינגעטיילט צו צען אין א פּאלאטקע. מיר זיינען געלעגן אויף דער הוילער ערד. אפילו קיין שטרוי אונטערצובעטן איז ניט געווען. עס איז שוין געווען הארבסט, עס האָט שוין געכאַפּט פרירן, און מיר זיינען געשלאָפן אויף דער געפראָרענער ערד. מען האָט אונדז ווידער געשיקט אויף ארבעט, צו גראָבן טראנשייעס. מיר האָבן געארבעט פון פינצטער ביז פינצטער, דאָס מיינט פון גאָר פרי פארטאָג ביז שפּעט אין אָוונט. קומענדיק פון דער ארבעט אין פּאלאטקע אריין, האָבן מיר געקראָגן א וואסערדיקן זופּ. דאָס איז געווען אונדזער מיטאָק און וועטשערע. קיין וואסער צו טרינקען און זיך ארומוואשן איז ניט געווען.

1944, אָנפאנג יאָר. עס ווערט אלץ קעלטער. מיר האָבן ניט קיין ווארימע זאכן אָנצוטאָן. די אויפזעערס זיינען געווען ס.ס.-לייט, רשעים, רוצחים. זיי האָבן געשלאָגן די פרויען ביי דער ארבעט פאר קיין שום זאך, ווי בלויז פאר דער בלויזער הנאה פון שלאָגן און פייניקן אונדז. אזוי, אונטער אָט די באדינגונגען, האָבן מיר אָפּגעארבעט פיר חדשים צייט.

איצט האָט מען אונדז ווידער גענומען סאָרטירן. די שוואכע און קראנקע אָפּגעטיילט און אָפּגעפירט צו אומקומען.

אונדז, די שטארקערע און געזינטערע, ארבעטספייאיקע, האָט מען אָפּגעפירט צו א באנסטאנציע. אונדז ארייגעזעצט אין א פּאסאזשירן צוג. מיר האָבן פארשטאַנען אז עפּעס איז ניט אין אָרדענונג אין דייטשלאנד, אָבער וואָס און ווען האָבן מיר ניט געוווסט, און מיר זיינען געווען אזוי דערשלאָגן, אז מיר האָבן קיין כוח מער ניט געהאט אפילו בלויז אויף האָפן, דערוואַרטן עפּעס בעסערס.

מיר זיינען אָנגעקומען קיין דערבעק, פונדאנענט האָט מען אונדז געטריבן צופוס א גאנצן טאָג, און מיר זיינען אָנגעקומען אויף א פּלאץ א פארבויטן מיט באראקעס. ווידער סאָרטירט און איינגעקוואַרטירט צו דרייסיק פרויען אין איין באראק. אָבער דאָ איז שוין געווען שטרוי אויפן דיל און סיענים. צומאָרגנס גאנץ פרי האָט מען אונדז געוועקט, געגעבן קאפע און ברויט און געפירט גראָבן טראנ-שייעס. דער לאגער פירער איז געווען א ס.ס.-מאַן, א רשע מרושע. די אויפזעער ביי דער ארבעט, אלע ס.ס.-לייט. איידער מיר פלעגן אוועק צו דער ארבעט האָט מען אונדז איבערגעציילט און דער פירער האָט אונדז אָנגעזאָגט, אז מיר זאָלן ארבעטן פלייסיק אזוי אז בלוט זאָל שפריצן פון אונטער די נעגל.

מיר האָבן ניט געהאט וואָס צו עסן. אונדז איז געווען קאלט דערפראָרן צו ווערן. די ערד איז געוואָרן אלץ הארטער פון די פרעסט, אזוי אז דאָס גראָבן איז אָנגעקומען אלץ שווערער. שפּעטער צו האָט מען אונדז אויסגעטיילט מאנטלען. מיר האָבן געזוכט מיטלען ווי זיך צו האלטן ווארימער, האָבן מיר גענומען שטרוי פון די סיעניקעס און אָנגעשטאָפּט אין די אויבערמאנטלען. מיר האָבן אויסגעזען

ווי פארזעענישן. פילע פון אונדז זיינען אויסגעשטאָרבן פון פארשיידענע קראַנ-קייטן. וואסער איז געווען א טייערער ארטיקל, אז מען האָט געכאפּט א פרוי גנבענען אביסל וואסער, האָט מען זי געשלאָגן ביז טויט.

עס איז אויסגעפאלן א געדיכטער שניי. איך בין געבליבן אָן שיך. ווי גייט מען צו דער ארבעט אַ באָרוועסע אויפן שניי! צום גליק האָט מען געבראַכט קליאמ-פעס (הילצערנע שטעקשיך). איך בין געווען גליקלעך וואָס איך האָב געקראָגן אין וואָס אריינצושטעקן די פיס און קאָן גיין צו דער ארבעט און זיך ניט פארקילן. ווידער אוועק א פּאָר מאָנאטן.

6

פלוצלונג — א בהלה. מען האָט אונדז ארויסגעיאָגט פון די באראקעס און אונדז אויסגעשטעלט אין רייען און באפוילן גיין. מיר זיינען געווען אונטער א שווערער וואך פון ס.ס. מיר זיינען געגאנגען אָן אן אָפּשטעל א גאנצן טאָג ביז שפּעט אין דער נאכט מיר זיינען הונגעריקע און פארפראָרענע. אין דרויסן שנייט און ווייט, הימל און ערד צענויפגעמישט. ווהין טרייבט מען אונדז? צום סוף האָט מען אונדז ערגעץ דערפירט ביז א שטאל פון פערד. געהייסן אונדז אריינגיין און אונדז געלאָזט וויסן, אז דאָ בלייבן מיר נעכטיקן. אויף אָפּצוכאפּן די נשמות האָט מען אונדז געגעבן צו דריי אָפּגעקאָכטע קארטאָפל. מיר זיינען געבליבן איבערצו-שלאָפן אין שטאל אויף דעם אָפּפאל פון די פערד, אָן שטרוי זיך אונטערצובעטן.

אויפמאָרגן גאנץ פרי האָט מען אונדז ארויסגעפירט פון שטאל, אויסגע-שטעלט אין שרענגעס, איבערגעציילט און געהייסן ווידער מארשירן. מיר האָבן דאָך געהאָפט אז מען פירט אונדז צו א באשטימטן פלאץ און מיר וועלן אהין אינגיכן אָנקומען. אזוי זיינען מיר געגאנגען טאָג נאָך טאָג, עסן האָבן מיר ניט באקומען, געגעכטיקט אין שטאלן. אייניקע פון די פרויען האָבן אָפּגעפרוירן די פיס און די הענט. אנדערע זיינען געבליבן הינטערשטעליק, האָט מען זיי דערשאָסן. אזוי אז אונדזערע רייען זענען געוואָרן שיטערער, אונדזער צאָל אלץ ווייניקער און ווייני-קער. יעדע פון אונדז, וועז זי האָט געזען די געפאלענע און געבליבענע אויפן וועג, האָט געטראכט: דאָס וועט זיין אויך מיין גורל.

נאָך וואָכן אזוי מארשירן זיינען מיר אָנגעקומען ביי דער נאכט ערגעץ אין א גוט. מען האָט אונדז אריינגעטריבן אין א שטאל פון קי, וועלכע מען האָט געהאלטן ריין און ציכטיק. האָבן מיר זיך געשעצט גליקלעך. אין שטאל איז געווען עלעקטרישע באלייכטונג און וואסער פאר די קי. האָבן מיר זיך געוואשן, און זיך געוואָרימט ביי די בהמות און געגנבעט פון די בהמות קארטאָפל און שאָלעכץ פון קארטאָפל. מיין מאמע האָט געפונען א שאכטל, האָט זי עס גענוצט פאר א דאיניצע, אויסגעמאָלקן א קו און געגעבן יעדער איינער פון אונדז א טרונק פון מילך. מיר האָבן איינפאך מקנא געווען די קי. זיי זיינען געווען ריין, זאט און

רואיק. זיי זיינען געווען זיכער מיט זייער שטיקל לעבן, ניט דערוואַרט דעם טויט יעדע מינוט.

מיר האָבן דאָ אין שטאַל איבערגענעכטיקט. צומאָרגנס ווידער באַקומען אויסגעטיילט צו דריי קאַרטאָפל און מען האָט אונדז ווייטער געטריבן איבער די פּאַרשנייטע וועגן. עס האָט אונדז באַנג געטאָן זיך צו שיידן מיט די קי און דעם ציכטיקן שטאַל.

מיר האָבן זיך צופעליק דערוווּסט, אַז אין אָט-דעם דאָרף, ווו דאָס גוט האָט זיך געפונען, האָבן פילע פּרויען זיך אויסבאַהאַלטן. אָבער מיר האָבן ניט דערוואַרט אַז ווער פון די פּויערים וועט זיך אויף אונדז דערבאַרימען און אונדז אַריינגעמען און אונדז אויסבאַהאַלטן. זיינען מיר ווייטער געגאַנגען ווּהין מען האָט אונדז געטריבן.

מיר גייען און גייען. מיר זיינען אינגאַנצן אויסגעשעפּט, אַרויסגעשלאָגן זיך פון די לעצטע ביסל כוחות. מיר זיינען פאַרהונגערטע, פאַרחלשטע. אַז מיר האָבן אויפן וועג געפונען אַ ביינדל פון אַ הונט אָדער פון אַ קאַץ, האָבן מיר זיך מיטן געפינס געטיילט, ד.ה. יעדער האָט געקראָגן אַ לעק און דערנאָך פאַרבאַהאַלטן דעם ביין אויף שפּעטער.

די וועגן האָבן מיר פּערזייט מיט אונדזערע אָפּגעשטאַנענע פּרויען, וואָס די באַגלייטערס האָבן דערשאָסן. אין די אויגן איז אונדז געווען חושך אַזוי, אַז מיר האָבן צומאָל ניט געזען די געגנט, וואָס מיר זיינען דורכגעגאַנגען.

איך בין געווען אין אַזאַ דערשלאָגענעם צושטאַנד, אַז איך האָב ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז איך וועל זיך נעמען דאָס לעבן און זאָל נעמען אַ סוף צו דעם פּיין-מאַרש. מער ריר איך זיך ניט פון אָרט, און זאָל מען מיך דערשיסן. איך געזעגן זיך מיט מיין מוטער און מיין שוועסטער און איך פאַרטרוי זיי מיין זעלבסטמאָרד-באַשלוס. די מוטער און שוועסטער האָבן אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און זיך גענומען בעטן ביי מיר איך זאָל עס ניט טאָן. איך האָב זיך, אָבער, אַרויסגעריסן פון זייערע הענט און געבליבן די לעצטע אין ריי פון די מאַרשירערינס. איך האָב זיך אָוועקגעשטעלט לעבן אַ בוים און געוואַרט אַז אַ ס.ס.-מאַן זאָל צוקומען. מיין מוטער און שוועסטער האָבן געקלאָגט און גערופן מיך. איך בין, אָבער, געבליבן שטיין ווי אַ צוגענאָגלטע. אַז דער ס.ס.-מאַן איז צוגעקומען, האָב איך אים געזאָגט: מער גיי איך ניט! איך קאָן מער ניט אויסהאַלטן די מאַטערניש. דער ס.ס.-מאַן האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוווּנדערט און גיט אַ זאָג: גיי ווייטער, דו יונגע ציג! איך האָב ניט פאַרשטאַנען, וואָס איז דער מער מיט אים, פאַרוואָס דערשיסט ער מיך ניט. ער האָט דאָך דערשאָסן אַזויפיל צוריקגעשטאַנענע פּרויען. מעגלעך, אַז ער האָט תמיד געוואָלט טאָן צולהכעיס, און אַזוי ווי איך וויל ער זאָל מיך דערשיסן, וועט ער מיר ניט נאָכגעבן, און מיר אויפצופּוקעניש מוז איך בלייבן לעבן און מאַטערן זיך — און גיין ווייטער.

עס איז פונקט געווען ניי-יאָר נאכט. דער ס.ס.-מאן האָט ארויסגענומען פון זיין טאש א לעקעכל, עס מיר געגעבן און געהייסן גיין מיט אלעמען אין איין ריי.

די פרייד פון מיין מוטער און שוועסטער איז געווען אין לשער גרויס. זיי האָבן אויך באוווּנדערט די מאָדנע האנדלונג פון ס.ס. וואכמאן.

איך האָב זיך געטיילט מיט זיי מיטן לעקעכל און אוועק גיין מיט זיי. דער נס, וואָס האָט פאר אונדזערע אויגן פאסירט, האָט אונדז דערמוטיקט און מיר האָבן עס באטראכט ווי א סימן, אז מיר וועלן זיך ראטעווען פון די נאצישע הענט און וועלן נאָך דערלעבן זען בעסערע צייטן.

## 7

בשעת אונדזער מארש האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף דייטשע מיליטער-אָפּטיילונגען, וואָס זיינען געלאָפן אין בהלה, און אויך אויף טיילן פון דער דייטשער באפעלקערונג, וואָס זיינען געלאָפן פון זייערע פלעצער און געפירט מיט זיך זייער האָב און גוטס. מיר האָבן גענומען באגרייפן, אז דאָס אנטלויפן זיי פון רוסישן מיליטער וואָס גרייפט אָן און מארשירט זיגרייך פאָרויס.

מיר האָבן צוגעקראָגן א ביסל קוראזש, אָבער מיר האָבן מיט שרעק געטראכט: איידער מיר וועלן דערלעבן צו זען די נקמה, און זיך דערוואַרטן צו דער נחמה, קאָן ארויס די נשמה, אזוי אויסגעמאטערט זיינען מיר געווען.

זיינען מיר אזוי געגאנגען גאנצע צען טעג. צום סוף אָנגעקומען צו א פלאץ וואָס האָט אויסגעזען ווי א לאגער. א טויער האָט זיך ברייט פאנאנדערגעעפנט. מען האָט אונדז איבערגעציילט און אריינגעלאָזן.

די קאָנוואָירן האָבן אונדז איבערגעגעבן אין אנדערע הענט. מען האָט אונדז אריינגעפירט אין א גרויסן באראק, אָן עלעקטריש באלויכטענעם. דער באראק איז געווען אָנגעפּראַפּט מיט פרויען. מיר זיינען אלע געלעגן אויף דער ערד. ווער עס האָט געהאט אָן אָפּגעפראָרענעם נאָז, ווער אָפּגעפראָרענע הענט אָדער פיס. אלע האָבן געקרעכצט, געשריען פון ווייטאָק. ליידער האָט קיינער קיינעם פון די אייגענע ניט געקאָנט העלפן. צווישן אונדז אויפן דיל זיינען אויך געלעגן פרויען וואָס האָבן געגוססט און אויסגעגאנגען פאר אונדזערע אויגן, ווי, למשל, אלטע יאבלאנאוויטש און בערטע ערל.

דער שמוץ אין באראק איז געווען איבער אלץ וואָס מ׳קאָן זיך פאָרשטעלן. די לופט פארפעסטעט פון די פארגאנגרענירטע פיס און הענט. מיר האָבן אזוי איבערגעזעסן די גאנצע נאכט. צומאָרגנס האָבן מיר זיך גענומען ארומקוקן אויסצוגעפינען ווו אקארשט געפינען מיר זיך. ערשט מיר זיינען ארומגענומען מיט א הויכן פארקאַן. די פרויען, וואָס געפינען זיך שוין דאָ א לענגערע צייט, האָבן אונדז געזאָגט, אז דאָ איז אָן ארעדראָם. ניט ווייט פון דאנציק. מיר האָבן זיך „אויף אייגענער איניציאטיוו" אויסגעזוכט א באראק מיט וואסער-לייטונג, מיט קראנען.

דאָרט איז געווען פייכט און קאַלט, אָבער דאָך גראַמער און ריינער און אָן די שוידער־סצענע, וואָס מיר האָבן בייגעוווינט די פאַריקע נאַכט. האָבן מיר, אויף אייגענער אחריות, זיך אהין אריבערגעצויגן. מען האָט אונדז געגעבן ברויט און זופּ געקאָכט פון קאַרטאָפל-שאָלעכץ.

אַזוי זיינען אַוועק עטלעכע טעג. אויף אַרבעט האָט מען אונדז ניט געשיקט.

אויפן דריטן טאָג האָט מען אונדז געהייסן זיך גרייטן אין וועג אַריין. צופּעליק האָט אונדזער פריינדין, בתיה גלעזער, געטראָפן אַ באַקאַנטע פרוי. זי האָט געאַרבעט אין קיך. האָט זי איר געזאָגט זי זאָל אריבערגיין צו איר אין באַראַק און בלייבן דאָ און ווייטער מער ניט גיין, ווייל מען וועט זי מיטן ארומטרייבן אויס-מאַטערן ביז טויט. אַז בתיה איז געקומען און האָט עס אונדז איבערגעגעבן, האָבן מיר באַשלאָסן דאָ צו בלייבן, און וואָס ס'וועט זיין זאָל זיין. נאָכמער וואָס די מוטער האָט געהאַט אָפּגעפראָרענע פיס און האָט מער ניט געקאָנט גיין.

מיר, איך און די מוטער און שוועסטער און בתיה האָבן זיך אריבערגע-קליבן צו יענער פרוי אין באַראַק. דאָ איז געווען ריין, די נאַרעס האָבן געהאַט שטרוי-זעק. דער פּלאַץ האָט געהאַט עלעקטרישע באַלייכטונג. אין מיטן באַראַק איז געשטאַנען אַן אויוון וואָס מ'האָט געהייצט מיט האָלץ. עס איז אויך געווען וואַרימע וואַסער זיך צו וואַשן, אַ לוקסוס פון וואָס מיר האָבן אפילו חלומענען ניט געוואָגט. איך האָב זיך גלייך אויסגעקליבן אַ נאַרע מיט אַ שטרויזאַק און די מוטער מיט דער שוועסטער האָבן פאַרנומען אַ צווייטע נאַרע. מיר זיינען געווען, ממש, גליקלעך. די פרויען אין אָט-דעם באַראַק זיינען געווען געזונטע און מוטיקע און זיי האָבן אויך אונדז אָנגעשטעקט מיט זייער גלויבן און בטחון.

אין זעלבן לאַגער איז אויך געווען אַ מענער-אָפּטיילונג. צווישן די מאַנצבילן האָבן מיר געפונען אַ סמאַרגאָנער פריינט, קריינעס.

8

מיר זיינען געבליבן. די איבעריקע פרויען פון אונדזער פאַרטיע האָט מען ווייטער געטריבן. ביי דער נאַכט זיינען געקומען אין לאַגער אַ צאָל לאַסט-אויטאָס. מיר האָבן געמיינט, אַז אונדזערע שעהן זיינען געציילטע. צומאָרגנס האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מען האָט פאַרנומען אַלע קראַנקע פרויען און זיי אַוועקגעפירט.

דאָס לעבן אין לאַגער האָט זיך גענומען איינשטעלן. מען האָט געשיקט אויף אַרבעט, אַנדערע אין לאַגער, אַנדערע אויסן לאַגער. איך האָב געאַרבעט אויסן לאַגער אין אַ מרחק פון אַ צען מעטער. אַז איך בין געקומען צו דער אַרבעט האָט זיך פאַר מיינע אויגן געוויזן אַ גרויסע גרוב אָנגעפילט ביז אַרויף מיט הונדערטער קערפּערס פון טויטע פרויען אָנגעלייגטע איינע אויף די אַנדערע.

אין דער זעלבער וואָך האָט מען אונדז געשיקט אויף אַרבעט אין מיטן שטאָט, צו גראָבן טראַנשייעס. מיר האָבן אויסגעזען די גאַסן, די הייזער און די

פרייע מענטשן זייער טשיקאווע, שוין לאַנג ניט געזען אַזעלכע אויסטערלישע זאַכן, מענטשן אָנגעטאָן ווי מענטשן, ניט אין ווילדע משונה טראַנטעס.

אַזוי זיינען געגאַנגען די טעג. מיר האָבן כסדר געגראָבן שוצגריבער. פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ סירענע. די וואַכלייט האָבן געשריען צו אונדז מיר זאָלן זיך אויסציִען אויף דער ערד. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס זיינען רוסישע עראָפּלאַנען, באָמבע־וואַרפערס. מיר האָבן געהאַט גרויס הנאה פון צוקוקן זיך צו אונדזערע וואַכלייט אויסגעצויגענע און איבערגעשראָקענע. זייער גדלות און פּאַריסנקייט האָט זיך פון זיי אינגאַנצן אָפּגעטאָן. מיר האָבן פאַרשטאַנען אַז די רוסן קומען שוין צו גאָר נאָענט. אונדזער לאַגער האָט זיך געפונען אויף אַ פּליפּלאַץ וואָס איז געווען אינגאַנצן געמינעוועט, און יעדע מינוט האָט זיך עס געקאָנט אויפרייסן און באַגראָבן אונדז אונטער די רואינען און גליבעס ערד.

אין דער צייט זיינען אין אונדזער באַראַק עטלעכע פרויען קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. צווישן די קראַנקע איז אויך געווען מיין שוועסטער טייבעלע. זי האָט געהאַט אַ גאָר הויכע טעמפּעראַטור און זי האָט פאַרלאָרן איר באַוווּסטזיין. איך און די מוטער זיינען אַוועק צו דער אַרבעט און די קראַנקע איז געבליבן אין באַראַק. די מוטער האָט זיך אַרויסגעגנבעט פון אַרבעט־פּלאַץ, פאַרשטעלט די געלע לאַטע און אַוועק אין שפּיטאָל בעטן ביי די דייטשן מעדיצין. איך האָב ניט געוווּסט וווּהין די מוטער איז פּלוצלונג אין מיטן דער אַרבעט נעלם געוואָרן. איך בין געוואָרן זייער אומרויִק. אין משך פון טאָג האָבן זיך עטלעכע מאָל צעפּייפט די סירענעס. עס האָבן זיך באַוויזן אַמאָל נאָך אַמאָל רוסישע עראָפּלאַנען. איך האָב שוין געענדיקט די אַרבעט. איך דאַרף שוין גיין צוריק אין באַראַק. די מוטער איז נאָך אַלץ ניטאָ. בעסיע גלעזער באַרויִקט מיך, פאַרזיכערט, אַז די מאַמע וועט באַלד אָנקומען, זי וואַרט אַז די פרויען זאָלן אָנקומען פון דער אַרבעט, וועט זי מיט זיי אַריינקומען אין לאַגער. איך האָב זיך געלאָזט באַרויִקן, ווייסנדיק אַז אויף מיין מוטער קאָן מען זיך פאַרלאָזן, דאָך בין איך געווען אַ צעווייטאָקטע. שפּעטער צו איז די מוטער געקומען. זי האָט געבראַכט מעדיקאַמענטן פאַר דער שוועסטער און אויך ברויט און אַפילו איינגע־קויפט אַ הינדל. מיר האָבן זיך אַלע דערקוויקט מיט אַביסל יויך.

צומאָרגנס האָט מען אונדז צו דער אַרבעט ניט געשיקט. עס איז אַריינגעקומען דער אויפזעער, דער דייטש, און האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז אין עטלעכע מינוט וועט דער גאַנצער עראָדראָם אויפגעריסן ווערן. ווער עס האָט כּוח אין די פיס זאָל לויפן פון דאַנענט און אַנטלויפן וואָס ווייטער.

מיר האָבן גענומען די קראַנקע שוועסטער אונטער די אָרעמס און זי געפירט אין דער ריכטונג אין וועלכער דער אויפזעער האָט אונדז אָנגעוויזן. עס האָט זיך דערהערט אַ פאַרטויבנדיקער קנאַל פון אַן אויפרייס. מיר האָבן זיך אויסגעצויגן אויף דער ערד. עס איז פּלוצלונג געוואָרן, אין מיטן טאָג, פינצטער פון רויך און שטויב. מיר זיינען געלעגן ווי פאַרשאָטענע. אַז עס האָט זיך יענומען אויסלייכטערן און עס

איז געוואָרן שטילער, איז ווידער צוגעקומען דער אייגענער דייטש און האָט אונדז געהייסן זיך אומקערן אין אונדזער באראק.

מיר זיינען געקומען צוריק, ג׳ופונען אלץ חרוב ומוחרב. די באראקעס איינגע־פאלן. די, וואָס האָבן ניט באוויזן צו אנטלויפן אין צייט, זיינען אומגעקומען אין די באראקעס. מיר האָבן אויסגעזוכט א האלב רואינירטן באראק און זיך אהין ארייגגע־קליבן. עס איז צוגעפאלן די נאכט. עס איז געוואָרן פינצטער. מיר האָבן גענומען באגרייפן, אז מיר געפינען זיך אין דער פראָנט-זאָנע. מיר האָבן געטראכט, ווער ווייסט צי די דייטשן וועלן אונדז לאָזן דערלעבן די שעה פון אונדזער באפרייונג, וועלכע זעט אויס צו זיין גאָר נאָענט. אין מיטן דער נאכט הערן מיר ווי די דייטשע וואכלייט רופן די מיידלעך וואָס האָבן דאָ געארבעט, אז זיי זאָלן אוועק מיט זיי און פארלאָזן דעם לאגער. איז בעסיע גלעזער אויפגעשטאנען און ארויס א קוק טאָן וואָס עס טוט זיך דאָ, האָבן זי די דייטשן פארנומען און זי אוועקגעפירט. די כוונה זייערע דערביי איז געווען צו ווייזן זי ווי א מוסטער פון די לאגער-פרויען, וואָס זיינען געזונט און גוט צוגעזען.

די דייטשן האָבן אָפּגעצויגן. פארן אוועקגיין האָבן זיי געוואָרפן האנט-גראנאטן אין די באראקעס. מיר האָבן נאָך אלץ ניט געגלויבט, אז די דייטשן זיינען זיך צעלאָפן און מיר זענען געבליבן אָן קיין וואך. מיר האָבן געווארט עס זאָל נעמען טאָגן וועלן מיר זען וואָס מיר האָבן צו טאָן.

29־טן מערץ 1945. מיר דערזעען צוויי רוסישע קאוואלעריסטן דערנענטערן זיך. דריי וואָכן שפּעטער איז די שוועסטער ארויס פון דעליריום, געקומען צום באוווסטזיין און האָט זיך דערוווסט אז זי איז פריי.

מאריאשע יענטעס

# אין שפיטאל אין געטא

ווער פון אונדז, סמאָרגאָנער, איז נישט געווען אין אינטערנאַט „תרבות" און געדענקט ניט אלע ארומיקע שכנים.

ווען מיר פלעגן זיך שפּילן אין באהעלטעניש, פלעגט מען זיך ארייַנכאַפּן אין פירהויז ביי א שכנה, אָדער ווען מען גייט פון שולע און א שלעכטער יינגל וויל „אָנברעכן די ביינער", איז וווּ באהאלט מען זיך אויב ניט אין פירהויז פון א שכנה. אין איינעם פון די נאָענטסטע שכנישע שטיבלעך האָט געוווינט לאה, די בעדערקע. און ווער האָט אין סמאָרגאָן ניט געקאָנט לאהן, די בעדערקע.

ווען אין בית-הספר פלעגט מען זיך אָפּקלאפּן א האנט, א פוס, צי גאָר די נאָז, איז אמבעסטן געווען זיך ארייַנצוכאפּן צו לאהן. זי פלעגט צולייגן א קאלטן קאָמפּרעס. א פירהויז איז ביי לאהן געווען א פינצטערס, א שווארצס, אָבער געשטאַנען איז דאָרט א ציג א ווייסע. זיך פארשטעקן אין אָט-דעם פירהויז איז געווען, פשוט, א מחיה.

ווען די יענקלעך, זכרונם לברכה, האָבן געוואָלט אונדז „אָנקלאפּן די ביינער", פלעגט לאה זען אונדז צו ראטעווען. זי פלעגט אונדז דורכפירן דורכן לויער־פלאַץ אונטער איר ברייטער און לאנגער פאטשיילע, אונטער דער נאָז פון די שלעגער, וואָס האָבן אויף אונדז געצאטעוועט, און ניט געוווּסט ווו מיר זייַנען נעלם געוואָרן.

אין דער אייגענער שטוב האָט אויך געוווינט לאהס חתונה-געהאטע טאָכטער. אויך זי האָט אונדז אלעמען גוט געקאָנט. ניט איינמאָל האָט ווער פון אונדז, לויפנדיק און שטיפנדיק, אויפגעוועקט פון שלאָף אירע עופעלעך.

ס'זייַנען אוועק יאָרן. אין 1937 האָבן מיר געענדיקט די „תרבות"-שולע, און כמעט פארגעסן אז עס עקזיסטירט א לאה און איר טאָכטער און אייניקלעך.

אָבער אין געטאָ האָב איך זי געטראָפן. און דער מאָמענט פון אונדזער באגעגעניש האָט זיך טיף איינגעשניטן אין מייַן זכרון, קיינמאָל ניט צו פארגעסן.

עס איז 1943. איך בין שוין געווען און זיך אָנגעפלאגט אין עטלעכע לאגערן, נאָך א טיפוס-קראנקייט וואָס איך האָב מיט די לעצטע כוחות איבערגעקומען,

שפּאר איך אָן אין אַשמענער געטאָ. אין סמאָרגאָן זיינען שוין קיין יידן ניט געווען. די איבערגעבליבענע סמאָרגאָנער זיינען געווען אין אַשמענער געטאָ.

מ׳האָט געעפנט א שפּיטאָל. אין שפּיטאָל האָבן געאַרבעט עטלעכע דאָקטוירים און קראַנקן־שוועסטער. קראַנקע זיינען געווען א סך. אַלע בעטן פול. אָבער קיין מעדיצין איז ניט געווען. מיך האָט מען איינגעאָרדנט צו אַרבעטן אין שפּיטאָל. איך זאָל אכטונג געבן, נאָך אביסל צולערנען זיך פּראַקטיש, אויף די טיפוס־קראַנקע, ווייל איך האָב דאָך געהאַט אימוניטעט נאָך מיין איבערקומען די קראַנקייט. מען האָט געשאַפן אַן איזאָלאַטאָר, ווען מ׳האָט געזען אַז די טיפוס־עפּידעמיע פאַרשפּרייט זיך אין געטאָ און אין די אַרומיקע לאַגערן.

דער שפּיטאָל איז געווען איבערפול מיט קראַנקע, וואָס זיינען געקומען ס׳רוב פון באַראַנאָוויטשער לאַגער און אַנדערע מקומות.

שבת פאַרטאָג האָט מען אַריינגעבראַכט אויף א טראָג־בעטל א קראַנקע, קוים א לעבעדיקע, אַן אויסגעדאַרטע, א הויפן ביינער. זי האָט געברענט מיט א העלישן פייער.

איך בין צוגעגאַנגען צו דער קראַנקער כדי צו העלפן די קראַנקן־שוועסטער. ערשט די קוים־לעבעדיקע האָט אַרויסגעפּליסטערט:

— מאַריאַשינקע, דערקענסט מיך ניט? דאָס בין איך, שיינע עשקע לאה׳ס דער בעדערקעס טאָכטער; ראַטעווע מיך, לויף, בעט די דאָקטוירים, כ׳האָב איבערגעלאָזן אליין אין שטוב פיר פּיצעלעך, דעם מאַן האָט מען אומגעבראַכט...

כ׳בין געלאָפן, ווי עס וואָלט מיך געטראָגן, צו די דאָקטוירים, אויפגעוועקט זיי פון שלאָף, געבעטן שנעלע הילף. זיי האָבן, אָבער, שוין געוווּסט פון דעם פאַל, און זיי האָבן מיר געזאָגט אָפן: די פרוי שטאַרבט, ווען מיר האָבן מעדיקאַמענטן, וואָלט מען אפשר געקאָנט עפּעס פּראָבירן טאָן. אָבער מיט היילע הענט קאָן א דאָקטאָר אין אַזא פאַל גאָרניט טאָן.

כ׳האָב געוויינט, געבעטן, געטענהט:

— ראַטעוועט, זי האָט דאָך קליינינקע קינדערלעך, וואָס וועט ווערן פון זיי... ווער וועט זיך אויף זיי דערבאַרימען...

איך געדענק דעם אויסגעלאָשענעם קוק אין דר. סעליווערס אויגן, וואָס האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט טרערן, און די בלויקייט פון די ליפּן...

דר. דאַלינסקי האָט א זאָג געטאָן:

— היינט זי און מאָרגן... בעסער ניט טראַכטן.

כ׳בין א גאַנצן טאָג געזעסן ביי איר בעטל. פאַר די אויגן זיינען מיר געשטאַנען אירע קינדערלעך. ביינאַכט אַז זי אויסגעגאַנגען ביי מיר אויף די הענט.

כ׳האָב א פּאָר טעג ניט געקאָנט קומען צו זיך. דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל פון אויסגיין פאַר מיינע אויגן פון הונגער און קעלט.

כ'האָב אלץ געטראכט וועגן דעם שיקזאל פון אירע קינדער. איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געוווסט וואָס די דייטשע רוצחים קאָנען טאָן צו אומשולדיקע עופעלעך. שפּעטער האָב איך געזען וואָס זיי האָבן געטאָן צו יידישע קינדער, און איך שילט דעם דייטשן פאָלק. אלע מאמעס פון אנדערע פעלקער, וואָס האָבן געזען אונדזער בראָך, געקאָנט ראטעווען און האָבן ניט געוואָלט ראטעווען קיין יידן, קיין יידישע קינדער.

ש. קצ׳רגינסקי

# פּוֹנַר

שֶׁקֶט, שֶׁקֶט, בְּנִי, נַחֲרִישָׁה
כַּאן צוֹמְחִים קְבָרִים,
דַּשּׂוֹנְאִים אוֹתָם נָטְעוּ
פֹּה מְעֻבָּרִים.
אֶל פּוֹנַר דְּרָכִים יוֹבִילוּ,
דֶּרֶךְ אֵין לַחְזוֹר.
לִבְלִי שׁוּב הָלַךְ לוֹ אַבָּא
וְעִמּוֹ הָאוֹר.
שֶׁקֶט בְּנִי, לִי מַטְמוֹנִים לִי
אַל נִבְכֶּה בִּכְאֵב!
בֵּין כֹּה וָכֹה בִּכְיֵנוּ
לֹא יָבִין אוֹיֵב.
גַּם הַיָּם גְּבוּלוֹת וְחוֹף לוֹ,
גַּם הַכֶּלֶא סְיָג וָסוֹף לוֹ, —
עֱנוּתֵנוּ זֹאת
הִיא בְּלִי גְבוּלוֹת,
הִיא בְּלִי גְבוּלוֹת.

אלקה באראנאווסקי

# וואס איך האב איבערגעלעבט

מיין מיידל-פאמיליע נאָמען איז קראכמאלניק. געוווינט האָבן מיר אויף גזשיוועו גאס 10. מיין מוטער האָט געהייסן עטל. איר מיידל-פאמיליע נאָמען — לאסקאוו. מיין טאטע, אברהם קראכמאלניק, איז געווען, ביי זיין פאך א שניידער. אן ערלעכער און קלוגער ייד. דאָס איז געווען די מיינונג פון די שטאָט-לייט וועגן אים. ווי איך געדענק איז מיין טאטע געווען פארטראָטן אין אסך שטאָטישע קאָמיטעטן און חברות.

אין 1922, ווען א גרויסער טייל פון די סמאָרגאָנער האָבן זיך גענומען אומקערן צוריק קיין סמאָרגאָן פון זייערע פערוואגלעניש-פלעצער, זיינען מיר, דאָס מיינט, אונדזער משפחה, אויך געקומען אין אונדזער היימשטאָט סמאָרגאָן. דאָס לעבן האָט זיך אָנגעפאַנגען פונדאָסניי. פארשטייט זיך, עס איז ניט לייכט געווען זיך איינצואָרדענען. אָבער מיר האָבן זיך ניט באקלאָגט. מיר זיינען דאָך געווען געוווינט צו די צרות, צו אָרימקייט און נויט.

מיין טאטע האָט געהאט א ברודער, איטשע בלום, אין אמעריקע. איז ער אראָפּגעקומען קיין סמאָרגאָן און ער האָט אונדז פיל בייגעהאָלפן. ער האָט אונדז געשטיצט מיט א ברייטער האנט.

נאָך עטלעכע יאָר זיין מיט אונדז אין סמאָרגאָן און הייראטן דאָ, פאָרט ער אָפּ צוריק קיין אמעריקע מיט זיין פרוי. ער לאָזט אונדז איבער זיין הויז, אין וועלכן מיר ציען זיך אריין, און אונדזער הויז פארדינגען מיר.

אין דער צייט פאָרט אוועק מיין ברודער חיים אויף הכשרה אין גראכאוו, און מיין שוועסטער רבקה אין תל-חי לעבן לובלין.

אין 1929, נאָך צוויי יאָר שווערע צוגרייטארבעט, זיינען זיי עולה קיין ארץ-ישראל. אין 1933 פאָרט אָפּ קיין ארץ-ישראל מיין שוועסטער חנה. איך ענדיק די פוילישע שולע „פאווסעכנע" און קום אָן ארבעטן ווי א געהילף-בוכהאלטערין ביי ראָזענבלומען, דעם אייגנטימער פון מאניפאקטור קראָם.

עס איז אין די דרייסיקער יאָרן. אין שטעטל איז געווען אן אלטער רב מיטן

נאָמען פלאטקין. ער האָט געהאַט צוויי טעכטער, בעלע און הדסה, און א זון. דער אלטער רב שטארבט, און אין שטאָט ברענגט איין צד אראָפּ א רב מיטן נאָמען סלאַדזינסקי. בעלע האָט חתונה מיט א רב, וואָס הייסט מארקוס. און אזוי ווי ער איז דער איידים פון פארשטאָרבענעם רב פלאַטקין, קומט אים בירושה די רבנות-שטעלע אין סמאָרגאָן. עס ברעכט אויס א מחלוקת, א קריג אויף לעבן און טויט, צווישן די צוויי צדדים. עס קומען פאַר וואלן אין דער קהילה. עס האנדלט זיך וועגן דעם, ווער עס זאָל בלייבן רב. מען קריגט זיך און מען רייסט זיך און מען קויפט שטימען און מ׳צאָלט פאר זיי הויכע פרייזן. מיין פאָטער באָט אָן די מארקוסיסטן געלט, אָבער מיין פאָטער שטייט שטאָל און אייזן פארן רב סלאַדזינסקי. הרב מארקוס ווערט אויסגעקליבן. אָבער דאָס איז א פרשה פון רעליגיעזן קהילה-לעבן, וואָס מיר יונגוואַרג האָבן זיך אין דעם ניט געמישט.

מיר יונגוואַרג זיינען געווען פארנומען מיט וויכטיקערער ארבעט ווי קריגן זיך צוליב שטאָטישע רבנים. מיר האָבן געשאַפן אָן אָרגאַניזאַציע אויפן נאָמען „ויטקין". די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט א קליינע צאָל חברות. דער מערסטער טייל פון דער יוגנט האָט באלאַנגט ביי אונדז אין סמאָרגאָן צום „השומר-הצעיר", „פרייהייט", „פועלי ציון" און „החלוץ".

אונדזער מדריך איז געווען ראובן גרינבערג, וואָס געפינט זיך איצט אין אמעריקע. אין א פאָר יאָר שפּעטער ווערן מיר גאָרדאָניסטן און גלייכצייטיק שליסן מיר זיך אָן דער „התאחדות", מיט וועלכער עס פירט אָן דער לערער בערנשטיין ז״ל. מיר גייען אויך אריין אין „החלוץ". איך, חיה ברודנע, נחמה יעקבסאָן, ווערן אויסגעקליבן אין וועד. מיר אָרגאַניזירן די יוגנט פון „תרבות". יעדע פון אונדז באקומט א קבוצה מיט וועלכער מיר דארפן אָנפירן אקטועלע ארבעט. מיר אָרדענען איין פארשיידענע מסיבות. מיר פירן דורך „בלימל-טעג". מיר גייען זאמלען געלט פארן קרן-קיימת און קרן-היסוד. אַם שווערסטן זיינען אָנגעקומען די געלט-זאמלונגען אויף דער „קרקע". קריעת ים-סוף איז געווען ארויסצוקריגן די 10 אָדער 20 גראָשן א מאָנאַט. אָבער שוועריקייטן האָבן אונדז ניט אָפּגעשטעלט. מיר האָבן געהאלטן די ארבעט פאר ארץ-ישראל ניט נאָר פאר א הייליקער פליכט, נאָר אויך פאר א כבוד פאר אונדז טוערינס.

אין זכרון זיינען מיר געבליבן די כינוסים. אָט-איז א צוזאמענפאָר פון די ווילנער „גאָרדאָניסטן" מיט אונדזער סניף. מיר דינגען אין שוויטלאנער דאָרף א שייער צוזאמען מיט א פויערשער כאַטע. מיר האלטן אָפּ די זיצונגען אין שייער. אריה טישלער פון לאָדז איז דער מדריך. נאָך די אינטערעסאנטע באראטונגען און רעזאָלוציעס אָננעמען, שטעלן מיר איין א כאָר, מען זינגט און מען טאנצט, מען פילט זיך ווי איין משפחה. מיר אלע עסן פון איין קעסל, וואָס מיר קאָכן אָפּ און דערלאנגען צום טיש.

שפּראָצן ארויס אויך ראָמאַנטישע פארהאַלטענישן. מען קאָרעספּאָנדירט.

עס לויפן פערזענלעכע בריוו פון ווילנע קיין סמאָרגאָן און פון סמאָרגאָן קיין ווילנע.

און האָט קומט פאָר א כינוס פון סמאָרגאָנער התאחדות מיט דער התאחדות פון אלט-ווילייקע. מיר דינגען פורן און לאָזן זיך אין וועג אריין. די גאנצע וועג האָט געגאָסן א רעגן, אָבער טראָץ דעם איז געווען צוקער זיס. די דערווארטונג צו באגעגענען און זיך באקענען מיט נייע איבערגעבענע חברים, האָט אונדז געלויטערט און געווארימט און מיר האָבן געשאפן ארום זיך א זוניקע אטמאָספערע. צווישן די פאָרערס זיינען געווען די לערער בערנשטיין און גרינבערג און נאָך חברים פון די בוגרים. צווישן די פאָרערינס: איך, בתיה קאפעליעביץ און ביילע מגידא. מען האָט אונדז אין ווילייקע זייער ווארם-חבריש אויפגענומען. דובין פון ווילייקער התאחדות האָט אָנגעפירט מיטן כינוס. מיר האָבן געשלאָסן א סך נייע חברישע באקאנטשאפטן מיט די ווילייקער התאחדותניקעס.

מיר האָבן אויך גענומען אן אקטיוון אָנטייל אין די אָרגאניזאציע-באזארן. מיר פלעגן אָפזיצן אָוונטן און טאָן אויסשטריק און אויסניי-ארבעטן פארן באזאר, כדי מיר זאָלן האָבן וואָס צו פלעטן.

זייער טעטיק איז געווען די חברה ריווע גרינבערג ז״ל, און דער לערער פישער ז״ל, און נאָך אנדערע. איך געדענק ניט זייערע אלעמענס נעמען.

## ב.

ביז 1939 בין איך געווען באשעפטיקט ווי א בוכהאלטערין ביי ראָזנבלוטן, ווי שוין דערמאנט אויבן.

סוף יאָר האָב איך חתונה. מיין מאן איז זעליג לעווינסאָן. אין 1940 געבויר איך א זון. עס איז 1941. די רוסן גייען אריין אין סמאָרגאָן. זיי פארשיקן ראָזנבלומען קיין סיביר. ער איז א רייכער מאן און זיי האלטן אים פאר זייערן א קלאסן-פיינט, א בורזשוי. איצט געפינט ער זיך אין חולון, אין ישראל.

איך נעם ארבעטן ווי א קאסירערין אין „אוטילני ארטעל״. דאָס איז אן ארטעל, וווּ מען סארטירט אויס שמאטעס. די סמאָרגאָנער יידן פאָרן איבער די דערפער, קלייבן אָן שמאטעס, און ברענגען זיי אין סקלאד. דאָ סאָרטירט מען זיי, און מען שיקט זיי אָפּ אין גלאָדענע וואגאָנעס קיין רוסלאנד. מיין מאן ארבעט אין „ראיאָנאיא זאַגאַטאָווקא״. אהערצו ברענגען די פויערים פלאקס, שווועמלעך, הינער, אייער און נאָך אנדערע פּראָדוקטן. מיין מאן זעליג לעווינסאָן, איז געווען דער אָפּנעמער פון די פּראָדוקטן און דער פארוואלטער. ער האָט געהאט די אויפזיכט איבער דאָס פאנאנדערשיקן זיי אין פארשיידענע אָפּטיילונגען.

עס ברעכט אויס דער צווייטער וועלט-קריג אין 22.6.41. מיין מאן ווערט מאָביליזירט אין דער רויטער ארמיי. די שטאָט סמאָרגאָן איז פארכאפּט פון א פּאניק. עס הויבט זיך אָן א געלויפעריי און א פאָרעניש. מיין שווער לעווינסאָן שפּאנט פערד און וואָגן. וואס מ׳קאָן פּאקט מען איין און מ׳לייגט ארויף אויפן וואָגן.

די גאנצע משפחה איז גרייט אוועקצופאָרן. איך לויף צו מיינע עלטערן און בעט זיי מיטצופאָרן מיט אונדז צוזאמען. מיין פאָטער וויל ניט פארלאָזן די שטאָט. עס העלפט ניט מיין בעטן. ער טענהט: אויב מיר איז באשערט צו שטארבן, אזוי איז אָנגעחתמעט, וויל איך שטארבן ביי זיך אין דער היים, ניט פארוואָגלט ווערן אין דער פרעמד. איך געזעגן זיך מיטן פאָטער, נעם מיין קינד און פאָר אָפּ מיט מיין שווער און שוויגער. אויפן וועג דעריאָגט אונדז מיין מאן. ער האָט זיך ארויסגעגנבעט פון מאָביליזיר-פונקט. ער האָפט אז אין דער צעטומלעניש וועט מען אים ניט אויסגעפינען. פאָרן מיר צוזאמען. מיר קומען אָן אין הארא‏דאק און האָבן בדעה צו פאָרן ווייטער, וואָס ווייטער. זאָגט מען אונדז אז די רוסישע גרעניץ ביי מינסק איז פארשפארט. מען לאָזט אדורך בלויז פארטיי-מענטשן מיט באשטימטע קאָמאנ-דיראווקעס (שליחותן). אין הערא‏דאק האָבן מיר קרובים. באשליסן מיר צו בלייבן ביי זיי אויף עטלעכע וואָכן ביז אונדז וועט קלאָר ווערן, ווו זיך אויסצובאהאלטן, ביז די שרעק וועט אריבער און דער קריג וועט זיך ענדיקן. נאָכן פאלויף פון די עטלעכע וואָכן פאָרן מיר אוועק קיין זאסקעוויטש, מיין מאנס געבוירן-שטעטל. דאָ וווינען מיר ביי זיינער א מומע.

דעם 22.7.41. קומען אריין אין שטעטל א פארטיע ליטווינער מיט דעם סמאָרגאָנער גוי ריבאק בראש. זיי גייען אריין צו אונדז אין הויז, טרעפן מיין מאנס קוזין הירש-דוד לעווינסאָן, און נעמען אים אוועק. ריבאק האָט געהאט אויף אים אַ כעס. איך און מיין מאן זיינען גראד אין דעם מאָמענט ניט געווען אין שטוב. צום אומגליק זיינען מיר גלייך אָנגעקומען. דערזען מיין מאן, הייסן זיי אים מיטגיין מיטן קוזין. אויפמאָרגנס האָבן די רוצחים זיי ביידן אָפּגעפירט אין זאלעסיע און דאָרט זיי דערשאָסן. טראכט איך, איז טאקע געריבעכט געווען דער טאטע. ניטאָ קיין אנטרינונג, איז דאָך שוין בעסער בלייבן אויפן איינגעזעסן אָרט. נעם איך מיין קינד אויף די הענט און לאָז זיך גיין צופוס אהיים, צוריק קיין סמאָרגאָן. עס איז א היפשער מהלך פון בערך א 17 קילאָמעטער. איך ווייס ניט ווו ביי מיר האָבן זיך גענומען די כוחות. קומענדיק צוריק אהיים, טרעף איך א צווייטן אומגליק. אז איך פרעג ווו איז מיין ייִנגערע שוועסטער, פייגעלע, טיילט מען מיר מיט, אז א שייגעץ פון אונדזער גאס האָט זי דערשאָסן. הפּנים פון אונדזער משפחה האָט מען גענומען די ערשטע קרבנות.

1941 אָקטאָבער מאָנאט ווערט איינגעשטעלט א געטאָ. מען שיקט אונדז אויף דער „קרקע". דאָ קוואַרטירט מען אונדז איין צו דריי, צו פיר משפחות אין איין קליין שטיבל. מען טרייבט אונדז גיין אויף ארבעט. מיר בויען די זאליעסיער אייזנבאן-ליניע. מיר ארבעטן שווער פון גאָר פרי ביז גאָר שפעט, אזוי טאָג איין טאָג אויס. אין שווערער פראצע, פלאָגעניש און טויט-שרעק גייט אריבער דער ווינטער און דער פרילינג. זומער־צייט 1942 טראנספערירט מען אונדז צוריק קיין סמאָרגאָן, ד.ה. אין סמאָרגאָנער געטאָ אויפן שול־הויף, וואס איז געווען ארומגע־

צוימט מיט שטעכעדיקע דראָטן. מיר געפינען פאר אונדז א קליין צימערל ביי די קובעס. דאָס לעבן איז שוידערלעך און שרעקלעך. מיין פאָטער ארבעט אביסל ביי שניידעריי. מיך טרייבט מען אויף פארשיידענע שווערע ארבעטן. איך פיל זיך „גליקלעך" ווען מען שיקט אונדז אויף ארבעט אין באָד, ווייל דאָ קריג איך א געלעגנהייט זיך ארומצווואשן. אויף שטענדיק וועלן מיר בלייבן אין זכרון די געשרייען פון די געפייניקטע יידן. אין מיטן מארק לעבן דער געביידע פון די פייער-לעשער איז געשטאנען סאדאוויטשעס מויער. אונטן אין פינצטערן קעלער האָט מען געהאלטן פארשפארט א צאָל סמאָרגאָנער יידן, צווישן זיי האָבן זיך געפונען: ישראל ראפאפארט, אברהם קאץ, דער בוכהאלטער, חיים יאוויטש און א סך אנדערע, וועמעס נעמען איך געדענק שוין ניט. מען האָט זיי דאָרט געפייניקט, געשלאָגן מיט גומענע נאגאיקעס און זייערע צום הימל זיך רייסנדיקע קולות האָבן זיך געטראָגן איבערן גאנצן מארקפלאַץ.

אונדז, מיידלעך און פרויען, האָט מען אויסגעשטעלט אין רייען מיט די בעזימער אין די הענט. געהייסן זינגען פארשיידענע לידער און געטריבן, מיר זאָלן לויפן איבערן מארק. און די געשרייען פון די געשלאָגענע יידן פון קעלער ארויס פלעגן אונדז פארטויבן די אויערן און צערייסן דאָס הארץ. אָבער וואָס מער האָבן מיר געקאָנט טאָן, ווי שילטן אין הארצן די פייניקער און מתפלל זיין פאר דער רעטונג פון די געפייניקטע?

אין 1942 שיקט מען אָפּ מיין שוועסטער לאה מיט נאָך א צאָל יוגנטלעכע אויף ארבעט קיין זשעזשמער. שפעטער צו ווערט די געטאָ אין סמאָרגאָן ליקווידירט און מען טראנספארירט אונדז אין אשמענער געטאָ. דאָ וווינען מיר ווידער צו עטלעכע משפחות אין איין צימער. מיין פאָטער ארבעט אין „ווערקשטעלע" ביי שניידעריי. אויך איך ארבעט. פאר דער ארבעט פלעגן מיר קריגן א פּאָרציע ברויט און נאָך אייניקע פּראָדוקטן, וואָס האָבן קוים געקלעקט אויף צו דערהאלטן די נשמה אין גוף און האָבן אביסל כוח צו ארבעטן.

נאָך אונדזער אָפּזיין אין אשמענער געטאָ א פּאָר חדשים קומט פּאָר אן אקציע. גאנץ פרי פארטאָג הייסט מען אונדז ארויס פון די הייזער און מען טרייבט אונדז צענויף אויף איין פּלאַץ און צעשטעלט אונדז צו פינף אין א שרענגע. פון דאנעט באפעלט מען אונדז מארשירן און מען ברענגט אונדז צו דער שול. דאָ שטייען פוןביידע זייטן דייטשע פּאָליציי און ליטווינער. עס פעלן אויך ניט יידישע פּאָליציאנטן. מען זאָגט אז זיי פירן זיך אויף ווי רשעים און רוצחים. זיי נעמען אָן אָנטייל אין שלאָגן יידן און אויך אין מאָרדן. און אויב זיי דערוויסן זיך ווו יידן פארבאהאלטן זיך אין „מאלינעס", גיבן זיי זיי ארויס.

מיר שטייען אויסגעשטעלט און פלאטערן צווישן טויט און לעבן. וועמען מען גיט א ווונק מיטן פינגער, מוז ער גלייך ארויס פון דער ריי און זיך שטעלן אין א זייט, און דאָס מיינט אז ער איז פארלוירן. אין לעצטן מאָמענט נעמט מיין

פאָטער מיין קינד אויפן האנט און לאָזט זיך גיין. מיר, דאָס הייסט איך, מיין פעטער איטשע בלום און זיין פרוי, לאָזן זיך גיין. מיר מארשירן דורך ניט טויט ניט לעבעדיק. מען נעמט ארויס פון אונדזער ריי דעם פעטער און מיר גייען ווייטער. איך דריי זיך אויס א קוק צו טאָן וואָס מיט אים פאסירט. ערשט איך זע ווי ער שטייט נעבעך מיט אן אראָפּגעלאָזטן קאָפּ, אזא פארלוירענער. ער איז אלע מאָל געווען אזא שטאָלצער, א זיכערער, זיך געפילט ווי דער גרויסער גביר וואָס ער איז געווען. ער קוקט ווי מיט אויסגעלאָשענע אויגן צום לעצטן מאָל אויף זיין פרוי, אויף מיר און מיין פאָטער, ד.ה. זיין ברודער.

מען טרייבט אונדז אריין אין שול. וואָס דאָרט האָט זיך געטאָן איז ניט צום באשרייבן. דער רייסט זיך די האָר פון קאָפּ, דער קלאפּט זיך מיטן קאָפּ אין וואנט, דעם פעלט א טאטע, דעם — א מאמע, דעם — א פרוי, דער — א מאן. דאָס יאמערן און קלאָגן — מיט באנומענע קולות, דוכט זיך, קאָנען איינוואַרפן די ווענט, קאָנען רירן דאָס הארץ פון א פארצוק-חיה, אָבער ניט די הערצער פון די נאציס און די ליטווינער און די יידישע קאפּאָס. זיי זאָל עס גאָר נעמען קימערן! זיי האָבן אונדז אָפּגעהאלטן אין שול ביז שפּעט אין אָוונט אריין. די אויסגעטיילטע האָט מען אָפּגעפירט אין זעליאנקע און דאָרט דערשאָסן. אז די רוצחים זיינען געקומען צוריק פון זייער מערדערישער ארבעט, האָט מען אונדז ארויסגעלאָזן, געהייסן גיין צוריק אין די שטיבער. די אשמענער געטאָ ווערט ליקווידירט. א טייל ווערט אָפּגעשיקט קיין זשעזמירער ארבעט־לאגער, א טייל שיקט מען קיין פאָניעוועזש. מען פירט זיי אין פארמאכטע וואַגאָנעס. אין פאָניעוועזש האָט מען צעשאָסן אסך סמאָרגאָנער.

אָנגעקומען קיין זשעזשמיר געפין איך דאָרט מיין שוועסטער לאה. מיר פילן זיך גליקלעך וואָס אונדזערער טאטע, מאמע זיינען מיט אונדז אין לאגער. מיין פאָטער ווערט צוגענומען אויף ארבעט ביי שניידעריי. איך און מיין שוועסטער ארבעטן ביים בויען א באנליניע. מיין מאמע גיט אכטונג אויף מיין זונדעלע. עסן גיט מען אונדז פון אלגעמיינעם קעסל. מען האלט אונדז מער ווי האלב הונגעריק.

1943. דער זשעזשמירער ארבעט-לאגער ווערט ליקווידירט. א טייל פון די ארבעט-לאגערניקעס שיקט מען קיין פּלעסקאוו, א טייל ווערט טראנספּערירט קיין קאָוונער געטאָ, וואָס געפינט זיך אין סלאבאדקע.

מיר קומען אָן אין סלאבאדקע. מיר וווינען אויבן אין שול. אונדזערע געלעגערס מאכן מיר אויף נארעס (ברעטער־פּאָליצעס אזעלכע). קיין וואנצן פעלן ניט.

דער טאטע גייט ארבעטן אין א „ווערקשטעלע” ביי שניידעריי, מיין שוועס-טער לאה — אין א וועשעריי. איך קריג ארבעט אין א באקליידונגס־אמט. ער האָט זיך געפונען אין א פאָרשטעטל פון קאָוונע וואָס האָט געהייסן „שאנס”. איך און די איבעריקע ארבעטאָרינס פרויען שטעלן אי״ז. מיר ריזיקירן, קומען אָפּ מיט

שרעק, אימת מוות. אָבער מיר טוען עס, מיר זיינען געצוווּנגען זיך געבן אַן עצה. נויט ברעכט אייזן, דערהויפּט ווען עס איז די נויט פון א קינד. מיט מיר איז דערווייל געווען מיין קינד דווידל. וואָס טוט ניט א מוטער פאר איר קינד ? וואָס אייגנטלעך טוען מיר ? מיר גייען צו דער ארבעט כמעט אָן שיך און הויל, בלויז אין אויבערשט קליידל אָנגעטאָן. און אויפן אמט טוען מיר זיך אָן, באשוכן זיך און באקליידן זיך. די שיך זיינען זעלנערשע, פון שטיקער שטאָף מאכן מיר זיך קליידלעך. די מאגאזינען זיינען אָנגעפּאקט מיט פארשיידענע בגדים און געוואנטן ווי אויך מיט שוכווארג, וואָס ווערן אהער טראנספּאָרטירט פון די פארנומ׳ענע געביטן. אונדזער ארבעט באשטייט אין אויססאָרטירן דאָס אלץ. דער דייטש וואָס גיט אכטונג אויף אונדז און די פּעק אָנטועכץ, איז אַן אינוואליד. מיר קויפן אים אונטער און ער מאכט זיך ניט זעענדיק. נעמען מיר וויפל מיר קאָנען און טוען אָן אויף זיך. דאָס ערגסטע און שווערסטע, ממש סכנת נפשות, איז דאָס אריינ-שמאָגלען זיך אין געטאָ, בעת מיר גייען צוריק פון דער ארבעט. די זאכן, וואָס מיר ברענגען, פארקויפן מיר אין געטאָ. פאר דעם געלט, וואָס מיר באקומען, קויפן מיר איין עסנווארג ביי די פויערים, און האָבן צו שפּייזן זיך און אונדזערע קינדער. ווי געזאָגט, די מאמעס שטעלן איין זייער לעבן אבי זייערע קינדער זאָלן ניט פאר-הונגערט ווערן און אויסגיין.

פלוצלונג קומט אָן א פאָדערונג צוצושטעלן פינף טויזנט ארבעטער. די דייטשן שטעלן צו פורן און הייסן אונדז מיטנעמען אלע אונדזערע זאכן און זיי אָנלייגן אויף די פורן. מיר גלויבן די דייטשן אז מען פירט אונדז אויף א נייעם פלאץ אין א צווייטן ארבעט-לאגער, און וואָס מיר פארמאָגן פאקן מיר אָן אויף די פורן און זעצן זיך אליין ארויף. מיר פאָרן. ערשט מען ברענגט אונדז צו די וואר-שטאטן וואָס אין געטאָ. דאָ שטייען שוין צוגעגרייט טענדערס אויטאָמאָבילן. מען באפעלט אונדז זיך איבערזעצן אין די טענדערס אויטאָמאָבילן. אונדזערע פּעק מיט זאכן בלייבן אויף די פורן. מיר זיינען פול מיט טויט-שרעק : מיר ווייסן ניט וווהין זיי ווילן אונדז אוועקפירן, אפשר אלעמען אומברענגען.

מיר פאָרן אָפּ א שטיקל וועגס, לויפן אָן אוקראינער באנדיטן. מען שטעלט אָפּ די אויטאָמאָבילן. זיי פאָדערן מיר זאָלן אָפּגעבן וואָס מיר האָבן, גאָלד, צירונג, זייגערלעך. מיין טאטע נעמט ארויס זיין טאשן-זייגער און גיט זיי אים אָפּ. איך האָב געהאט א חתונה-מתנה פון מיין שוויגער, א גאָלדן זייגערל, וואָס איך האָב פארשטעקט אין א זאק פון מיין קינד. איך נעם עס ארויס און גיב זיי עס אָפּ.

מיר פאָרן ווייטער. מיר קומען אָן אויפן ניינטן פאָרט. איך גיב א קוק ארויס. עס ווערט מיר פינצטער פאר די אויגן : עס שטייען ליטווינער און דייטשן. די אויטאָמאָבילן אין וועלכע מיר פאָרן האָט מען אָפּגעשטעלט, די פאָרערס האָט מען געהייסן ארויסשטייגן, מען סאָרטירט זיי. איך גיב א געשריי : מיר זיינען פארלאָרן !

איך בעט מיין מאמען זי זאָל צוזען מיין קינד. און איידער וואָס ווען, שטייט שוין אונדזער אויטאָמאָביל. און עס הערט זיך א באפעל: „אויסשטייגן!"

מיין שוועסטער לאה גייט אראָפּ די ערשטע. איך דערלאַנג איר מיין קינד. מען גיט איר א כאַפּ ארויס פון אירע אָרעמס און מען גיט איר א שליידער אין א זייט. מיך און מיין שוועסטער גיט מען א שטופּ אוועק אין א צווייטער זייט. מיין מאמען מיט דער יינגסטער שוועסטער, קיילינקע, שטופּט מען אוועק אין דער זייט וווּ מיין קינד שטייט. דעם טאַטן פארשטופּט מען באַזונדער. אין איינע פינף מינוט ווערט אונדזער משפחה צעריסן אויף שטיקער. איינער זעט ניט דעם צווייטן. איך נעם שרייען, וויינען: „מיין קינד! מיין קינד!" איך קריג א קלאַפּ איבערן קאָפּ מיט א גומענעם שטעקן. איך זע שוין גאָרניט פאר מיינע אויגן. מען הייסט אונדזער פאַרטיע מאַרשירן. מען שטופּט אונדז אריין אין פראַכט־וואַגאָנעס, וואָס מען פאַרקלאַפּט און פאַרהאַקט. איך ווייס ניט וואָס עס טוט זיך מיט מיר. איך ליג אויפן דיל. ערשט אין אָוונט נעמט דער צוג זיך רירן. די ענגשאַפט איז ניט צו באַשרייבן, ווי הערינג אין א פּעסל. מען פירט אונדז אַזוי עטלעכע טעג און נעכט. די עלטערע מענטשן און די קינדער האָבן זיך געפונען אין די פאָדערשטע וואַגאָנעס (ווי מיר האָבן זיך פּיל שפּעטער דערוווּסט האָט מען זיי טראַנספּאָרטירט קיין אָשוויץ). מיין מוטער איז אומגעקומען אין אָשוויץ. מיט איר צוזאַמען איז אומגעקומען מיין שוועסטער קיילע און מיין קינד, דווידל, געבוירן 1940 — אומגעקומען 1943.

אויף א געוויסער סטאַנציע האָט מען אָפּגעשטעלט דעם צוג, געהייסן אַלעמען אויסשטייגן. דאָ האָב איך דערזען אַז דער טאַטע איז מיט אונדז. מען האָט גענומען אונדז אויססאָרטירן. ווער ווערט געשיקט אין וועלכן לאַגער. געענדיקט דאָס סאָרטירן, הייסט מען אונדז צוריק אריין אין די וואַגאָנעס. מען פירט אונדז ווייטער. מיר קומען אָן אין עסטלאַנד. אויף דער סטאַנציע ערעדאַ, שטעלן מיר זיך אָפּ. מען הייסט אונדז ארויסשטייגן. די אויפזיכט איבער אונדז נעמט איבער דער לאַגער־פירער מיטן נאָמען שניידער. ער מושטירט אונדז אויס אין רייען און הייסט אונדז מאַרשירן. מיר גייען אָפּ צופוס א פיר קילאָמעטער און קומען אָן אין לאַגער. אין לאַגער געפינען מיר בלויז מענער, יידן פון ווילנא. צווישן זיי האָבן זיך געפונען צוויי פרויען וואָס זיינען געווען איבערגעטאָן ווי מאַנצפאַרשוינען.

מען צעשיקט אונדז אין די באַראַקעס מיט צווייגאָרנדיקע נאַרעס. צומאָרגנס שיקט מען אונדז אויף אַרבעט יעדן לויט זיין באַרוף. איך גיב אָן מיין פאַך שניידעריי. שיקט מען מיך אַרבעטן אין דער ווערקשטעלע וואָס האָט זיך געפונען אויפן באַנהויף. איך בין צופרידן וואָס איך אַרבעט ניט אינדרויסן, נאָר אונטער א דאַך, אין א געביידע וואָס האָט ווענט. אָבער דאָס גיין אהין צו דער אַרבעט און צוריק פון דער אַרבעט איז א היפּשער מהלך און דאָס מאַטערט מיך אויס. איך שלאָג זיך ארויס פון מיינע לעצטע כוחות.

דאָ האָב איך זיך אָפּגעפּלאָגט א קאַרגן יאָר. איינער פון די הויפּט־רשעים

דאָ איז געווען מאיר חייט, א ייד פון ווילנא. ער האָט זיך איזדיעקעוועט איבער די לאגערניקעס, דערהויפט פלעגט ער שלאָגן און הרגענען די מענער.

1944. דער לאגער ערעדא ווערט ליקווידירט. א גרופע מענער אנטלויפן אין די וועלדער צו די פארטיזאנער. דער הויפט לאגער-פירער שנאַבעל, קערט ווערלטן, אָבער די אנטלאָפענע האָט מען ניט געכפּט. מען פירט אונדז אוועק אין פראכט-וואגאָנעס און מען ברענגט אונדז אויף א פלאץ וואָס הייסט לאגעדיע. דאָ האלט מען אונדז דריי וואָכן איןביידלעך. פון דאנענט טראנספּאָרטירט מען אונדז אין פראכט-וואגאָנעס קיין דאנציג. דאָ געפינען מיר יידן געבראכט פון אלע עסטלענדישע לאגערן. דאָ באגעגן איך זיך ווידער מיט מיין ליבן טאטן.

אין דאנציג זעצט מען אונדז ארויף אויף א שיף און מען פירט אונדז. אז מיר קומען צו נאָענט צום ברעג, זעצט מען אונדז ארויף אויף שיפלעך און מען ברענגט אונדז צום סאמע ברעג. פון דאנענט טרייבט מען אונדז צו פוס, און מיר קומען אָן אין שטוטהאָף.

אין שטוטהאָף לאגער שיקט מען מיך אָפּ אין בלאָק 19. די קאפּאָ פון בלאָק הייסט שורקע, אן אוקריינערין. די ליידן און פיין וואָס מיר זיינען זיך אויסגע-שטאנען קאָן קיין פעדער ניט באשרייבן. דער לאגער איז געווען ארומגענומען מיט דראָטן. אויף יענער זייט פון די דראָטן איז געווען דער רעוויר, א פלאץ ווו מען האָט געהאלטן די קראנקע. מיר האָבן געזען ווי מען ווארפט מענטשן אויף פורן און מען פירט זיי אָפּ אין די גאז-אויוונס, אזוי טאָג איין טאָג אויס. מען שיקט זיי אָפּ פארברענט צו ווערן, דערשטיקט צו ווערן. און אָט זע איך א פארטיע פרויען מארשירן, אויסגעשטעלט אין רייען צו פיר. זיי גייען דורך דעם טויער. צווישן זיי דערקען איך סמאָרגאָנער פרויען. אָט איז די רביצין פון דער קרקע, צוקערמאן. אָט איז לאה מישקין און נאָך סמאָרגאָנערינס.

דריי וואָכן צייט פלאג איך זיך אין שטוטהאָף. אין משך פון אָט-די אָפּקומע-ניש וואָכן ווער איך צוויי מאָל אָפּגעסאָרטירט פארברענט צו ווערן. מיר האָט זיך, אָבער יעדעס מאָל איינגעגעבן זיך ארויסצומאכן און זיך צוריק ארייננגנבענען צו מיין שוועסטער לאה אין בלאָק 19. דאָס איז געווען אן ארבעטס-בלאָק.

מען פירט אונדז אין באָד. נאָכן אויסבאָדן זיך, גיט מען אונדז אָנטאָן ארעסטאנטן קליידער. מען שיקט אונדז אויף ארבעט אין א פלאץ ניט ווייט פון בראמבערג. דער טאטע בלייבט אין שטוטהאָף, און מיר ווערן צעשיידט, דאָס מאָל אויף שטענדיק. אין שטוטהאָף איז ער געשטאָרבן.

מען קווארטירט אונדז איין אין באראקעס מיט נארעס. עסן גיט מען אונדז איין מאָל אין טאָג אביסל זופּ. מיר בויען דאָ אן אייזנבאן-ליניע.

1945. 24-טן יאנואר נעמט מען צענויף אלע פרויען און מען טרייבט אונדז אין דער ריכטונג פון בערלין. דער פראָסט ברענט. מיר זיינען לייכט אָנגעטאָן אין שמאטעס. מיר שלעפן זיך אין הילצערנע שיך וואָס קלעפן זיך צום שניי. אלע

מינוט פאלן מיר פון די פיס אין שניי אריין. אזוי גייען מיר אָפּ א גאנצן טאָג און א גאנצע נאכט. צומאָרגנס כאפּן מיר זיך, אז מיר זיינען געבליבן אליין. די ס.ס. און קאָמאנדירער אונדזערע זיינען זיך צעלאָפן. פארביי אונדז מארשירן דורך א פארטיע רוסישע געפאנגענע. זיי זאָגן אונדז מיר זאָלן זיך שטארקן און האָבן אויסדויער, ווייל די רוסישע ארמיי וועט אינגיכן אָנקומען און אונדז באפרייען. זייערע רייד האָבן אונדז דערמוטיקט.

עטלעכע פרזיען האָבן זיך אָנגענומען מיט מוט און אריין צו א פויערטע אין א שטוב און געבעטן עסן. זי האָט אונדז געגעבן צו שטיקלעך ברויט און צו פארטרינקען הייסע וואסער. דערנאָך האָט זי פאר אונדז געמאכט א געלעגער אויסגעבעטט מיט שטרוי אויפן דיל. צו אונדזער גליק איז גאָר קיין שיעור ניט געווען. מיר זיינען גלייך איינגעשלאָפן. אין רעכטן מיטן שלאָף, מיר הערן, מען קלאפּט. עס איז איינס נאָך האלבער נאכט. אונדז באפאלן טויט-אנגסטן. ערשט מיר הערן אויסגעשרייען אין רוסיש. מיר עפענען און מיר דערזען צו אונדזער גרויסער איבערראשונג רוסישע „פּאָליטרוקעס" (פּאָליטישע לייטער) אריינקומען. מיר האָבן זיך מיט זיי צערעדט. זאָגן זיי אונדז: מיר זיינען געקומען אייך באַ-פרייען. מיר זיינען אויך יידן.

דאָס איז מיר פאָרגעקומען ווי אין חלום וואָלט עס געשען.

נאָך דער באפרייונג, דעם 26.1.45, פאָרן מיר נאָך לובלין, פון לובלין קיין לאָדז. אין לאָדז האָב איך חתונה און מיר פאָרן אָפּ קיין דייטשלאנד. צוויי יאָר זיינען מיר אין א קיבוץ. אין 1947 קומען מיר אָן קיין ישראל. שויף פינף יאָר ווי מיר געפינען זיך אין א מושב. מיר זיינען צופרידן. דערהויפּט אָבער, פילן זיך גליקלעך אונדזערע קינדער.

צום שלוס וויל איך נאָך אמאָל דערמאנען מיין מאן זעליג לעווינסאָן, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן אין זאלעסיע, ווי איך האָב עס איבערגעגעבן פריער. זיין גאנצע משפחה איז אומגעקומען. מען האָט זיי פארשפארט אין א שייער און פארברענט לעבעדיקערהייט.

עס זיינען אומגעקומען אונדזערע בעסטע שכנים: וועלוול שווארץ מיט זיין משפחה און עליע שווארץ מיט זיין משפחה. איך וואָלט וועלן זייערע נעמען זאָלן פארשריבן ווערן לזכרון, הי"ד.

שלום שניידמן

# ב מ ל ח מ ה

2.10.41

עם פרוץ המלחמה הייתי בצבא הפולני. נפלתי עם שאר חיילי גדודי בשבי לגרמנים בקרבת העיר אורשה.

את כל השבויים החזיקו הגרמנים במחנה.

פשטתי מדי החייל והתלבשתי בבגדי אזרח וברחתי מן השבי. אמרתי לשוב לסמורגון ולוא אף אוכרח לילך כל הדרך ברגל.

בכפר הראשון שנכנסתי, נתקלתי בגרמני.

— היהודי אתה ?

— לא.

— החייל אתה ?

— לא.

— מי אתה ?

— שבוי.

עמד לעצרני ולהשיבני למחנה ממנו נמלטתי.

והנה הבחין בשבוי שני מרחוק ופנה לעברו כדי לעצרו. השתמשתי בהסחת דעתו ממני לרגע — והתחמקתי. הדבר הראשון שעשיתי היה החלפת מגפי החייל שלי בקבקבים כדי שאיראה ככפרי.

וכך הגעתי עד למינסק. אצל מינסק נקלעתי קרוב למחנה שבויים מוקף גדר תייל. בין הנמצאים במחנה ההסגר הזה הכרתי אחדים מאנשי הגדוד בו שרתי. הלכתי סחור סחור, באתי למינסק. והנה באותו יום סגרו את כל היהודים בגיטו. לא סמכתי על תחפושתי וסנדלי־העץ שלי ובחיפזון עזבתי את העיר.

בדרך בין מינסק לסמורגון פגשתי באיכר שבא מסמורגון.

שאלתיו : השלום לעיר ולתושביה ?

והוא ענה לי בשצף קצף :

— סמורגון נשרפה כולה. כל זה בא לכם על אשר הפרתם את בריתכם עם אלהיכם, עונש מן השמיים.

הלכתי בשבילים ובמסילות עקלקלות, התרחקתי מכביש או דרך־המלך לבל אתפס.

נכנסתי לעיירה הורודוק. בה פגשתי בסמורגונאים אחדים. ברל׳ה גרייס (איש סמורגון) מסר לי שהעיר סמורגון עלתה כולה באש והוא ועוד בני-העיר מצאו כאן מקום מקלט ארעי.

בהורודוק מצאתי את אחותי ואחי. עבדתי אצל האיכרים בכפר כנגר עד חודש מאי 1942. אחר כך נתפסנו ע״י הגרמנים ונשלחנו לעבודה בקרסנה, שם היה מחנה־ריכוז. את התושבים היהודים סגרו הגרמנים בגיטו. והפועלים שביניהם עבדו במחנה עבודה.

1942. התחילה העריקה של יחידים נועזים אל הפרטיזנים. התהוו קשרים בין הגיטו, בין עצורי מחנה-העבודה ובין לוחמי-היערות. התקיימה מחתרת. התנהלה תעמולה בעד הבריחה מהגיטאות אל מקומות המחבוא ביערות.

על הפרק עמדה שאלת הנשק שהיתה שאלת-חיים, פיקוח-נפש ממש. מי שהיה לו כסף, קנה נשק מהאיכרים או מאלה הגרמנים שבאו לשלול שלל ולבוז בז וליבם לא היה שלם עם היטלר, הם מכרו ליהודים בדמים מרובים את נשקם שניתן להם בתור חיילים או שהם גנבוהו מהמחסנים. אולם היו בינינו לא מעטים אשר לא היה להם כסף והם מוכרחים היו להשיג נשק ע״י גניבה.

במקום שאני עבדתי, היינו במסגריה, היה מצבר נשק שהובא לשם תיקון. פעם בשעה בין 12—1 פרצתי את הדלת והוצאתי נשק לי ולאחותי, חלקי רובים ורימוני יד. ומהמחסן הכללי הגדול הוצאנו רובים.

איפה החזקנו את הנשק הגנוב או הקנוי? הלא עבדנו ביער, כרתנו עצים, וטמנו את הנשק בסווארים.

בחורים עזי-הנפש רכשו להם אקדחים — וברחו ונספחו אל המחנה הפרטיזנים, היינו אל אלה אמיצי-הלב שנמלטו מקודם והכשירו בעדם את הקרקע.

כל מי שהיה לו נשק: אקדח, רימון יד ועל אחת כמה רובה, נתקבל ע״י הפרטיזנים בחפץ־לב.

אני נצטרפתי לפרטיזנים ביער. אולם אחותי נשארה בגיטו. קודם עריקתי אמרתי לה: אראה, אם מקום המחבוא יהא יפה לך, אשוב בחשאי אל הגיטו ואוציאך ואעבירך.

פסח בינדר סמורגונאי הקדימנו בבריחה לפרטיזנים, אני השארתי בגיטו את אחותי והוא את אשתו. כאשר מצאנו שמחנה הפרטיזנים בטוח פחות או יותר ויש בו מקום לקליטת נשים אמרנו להתגנב לתוך הגיטו ולהוציא הוא את אשתו ואני את אחותי. אולם בינתיים חלה בינדר. במחנה הפרטיזנים היה רופא רוסי שברח ממחנה שבויים גרמני ונספח אל הפרטיזנים ביער. הוא בדק את פסח בינדר והוציא פסק אבחנתו: חולה טיפוס. ומכיוון שלא היו סממני תרופה במחנה, משמע שצריך להוציאו להורג, שלא ידביק את מחלתו באחרים. היה עוד בחור אחד מוולוז׳ין שחלה. את שניהם הרגו בפרטיזנקה מחמת מחלת־הטיפוס כדי לעצור בעד המגפה שלא תפרוץ.

קבוצה של אחד עשר יהודים שבאו לפני זמן לא מרובה בודדה מחשש טיפוס. גם אני הייתי בתוכם. אולם לחם חוקנו קבלנו מאת הבריגדה. החברים היהודים שבבריגדה יראו שמא גם אותנו יוציאו בקרוב להורג, הם התעצבו אל לבם, מיהו לא היה לאל ידם להצילנו. והנה לאשרנו ולישועתנו הגיע אל המחנה רופא יהודי. הוא בדקנו ומצא שאיז אנו חולי-טיפוס. חזרנו לבריגדה וארגנו לנו פלוגה חדשה מאלה שמקרוב באו אל המחנה, אחרי זמן מה נמצא הדבר שהרופא הרוסי שביקש לחסלנו היה מרגל בשירות הגרמנים — מפקד הבריגדה היה רוסי בשם איבנוב. בבריגדה היו מאות יהודים, למרות זאת או הודות לזאת, לא חסרה בה אנטישמיות.

אחרי עבור שבועיים, זה היה לפני פורים, נשלחה עגלה להביא את אחותי. אחרנו ביום אחד. קרסנה היהודית חוסלה וכל יושביה היהודים נורו, פרט לאשתו וילדו של בינדר שניצלו בדרך נס מתוך ההריגה. והיא באה למחננו.

מאי, 1943. הגרמנים ערכו התקפת־ציד על מחננו. הרבה חברים משלנו נהרגו.

באותה שנה הורדו צנחנים קרוב למקום חניתנו. ביניהם היו יהודים חברי מטה הצנחנים.

1944. החיילים הרוסים באו ושיחררונו.

ב־2.10.44 חזרתי לסמורגון, שהיתה כולה שרופה באש תותחים ופצצות.

מסמורגון נסעתי ללודז, מלודז לאיטליה, ומאיטליה עליתי ארצה.

אידא לעווין (קאנאדא)

# א בלעטל פון אומקום...

עס איז יאר 1942, הארבסט. איך מיט מיין פאמיליע האבן זיך געפונען אין דעם ארבעטס-לאגער אין זשעזשמיר. מיר זיינען אהער געקומען מיט זעקס וואכן צוריק פון סמארגאנער געטא. מיין טאכטער, א מיידל פון א יאר דרייצן, האט זיך דא געפונען פון פריער און ביים ליקווידירן סמארגאנער געטא האבן מיר געהאט דאס רעכט אויסצוקלייבן זיך א לאגער ווו מיר האבן קרובים.

די נאציס האבן געפאדערט פון „יודענראט" ער זאל צושטעלן 300 יידן. אזוי ווי מיר זיינען געווען פון די לעצט-אנגעקומענע אין לאגער, זיינען מיר געווען אריינגערעכנט אין די דריי הונדערט. מע האָט אויסגעטיילט 180 פרויען און 120 מענער. מיר האבן געמוזט גיין, כאטש יעדער פון אונדז האט מיט טויט-שרעק געטראכט אז מיר גייען „דעם לעצטן וועג". מען האט אונדז אריינגעפאקט אין פראכט-וואגאנעס, פארשפארט די טירן. שפעט אין דער נאכט האט דער צוג זיך גענומען רירן. מיר זיינען אזוי געפארן אן אומבאשטימטע צייט וואס האט זיך פאר אונדז געצויגן ווי אן אייביקייט. מיר האבן, אבער, געוווסט אז דער צוג גייט אין דער ריכטונג פון ווילנא. אזוי האבן אונדז אינפארמירט אייניקע פון די פארער, וואס האבן געוווסט דעם וועג. דער צוג האט פלוצלונג גענומען פארלאנגזאמען זיין גאנג. מיר האבן זיך גענומען דערנענטערן צו פאנאר. וואס פאנאר באטייט האבן יידן פון ארום ווילנע גוט געוווסט: עס מיינט זיכערער טויט. טויזנטער יידן פון ווילנער געטא זיינען דארט אומגעקומען. וואס נענטער צו פאנאר אלץ פאמעלעכער האט זיך דער צוג געשלעפט. און אט איז דער צוג געבליבן שטיין. מיר זיינען ווי פארגליווערט געווארן אויף אונדזערע פלעצער. אין דער טויטער שטילקייט האבן מיר געהערט ווי מ'עפנט די וואגאנעס, און עס צעהילכט זיך דער באקאנטער אויסגעשריי פון די ס.ס. „רויס!"

מיר זיינען ארויס פון די וואגאנעס, מער טויט ווי לעבעדיק פון שרעק. אויסער די וואכלייט וואס האבן אונדז געפירט זיינען געווען נאך ס.ס. זיי האבן אונדז באפוילן זיך אויסשטעלן לעבן די וואגאנעס. זיי האבן אונדז געציילט און ווידער געציילט און אונדז געלאזן אזוי שטיין א לענגערע צייט. זיי האבן צווישן זיך אלץ איבערגערעדט, ווי פארהאנדלט וועגן אונדז. ביי אונדז איז שוין גאר קיין מינדסטער צווייפל ניט געווען אז דאס איז אונדזער סוף. מיר זיינען קאפוט. וואס מיר האבן

איבערגעלעבט אין יענע שעהן, דערוואַרטנדיק דעם זיכערן טויט, איז געווען שרעקלעכער פון טויט גופא.

נאך א לאנגער באַראַטונג האבן די ס.ס. אונדז באַפוילן אַריינצוגיין אויף שנעל אין די וואַגאַנעס. מען האט די טירן ווידער פאַרשפאַרט און פאַרריגלט, און דער צוג האט גענומען מאַנעווּרירן צוריק און פאַרויס און האט אָנגעפאַנגען לאַנגזאַם צו גיין. וווּהין פירט מען אונדז? אונדזער שרעק איז געשטיגן פון מינוט צו מינוט. פּלוצלונג האבן מיר דערשפירט אז דער צוג פאַרשנעלערט זיין גאַנג און מיר האבן דערזען אז פאַנאַר איז שוין הינטער אונדז. א פונק פון האָפענונג האט זיך אָנגעצונדן אין אונדזערע הערצער. מיר האבן אָנגעפאַנגען קומען צו זיך.

אכט טעג האט מען אונדז געפירט אין די פאַרריגלטע וואַגאַנעס. מיר האבן ניט געוווּסט וווּהין און צו וואס מען פירט אונדז. ערשט מיר זיינען אָנגעקומען אין רוסלאַנד אין א וויסטעניש ביי פּסקאָוו, וואָס האָט געהייסן מאַקראַצא.

אויפן וועג האבן מיר געהאט נאך א טויט-שרעק איבערלעבעניש. די פאַרטי-זאַנער האבן אונטערגעמינעוועט די אייזנבאַן. איינער פון די וואַגאַנעס האט זיך אינגאַנצן אויפגעריסן. צום גליק איז עס געווען דער וואַגאָן, אין וועלכן די וואַכלייט זיינען געזעסן. זיי זיינען אַלע דערהרגט געוואָרן.

מאַקריצע איז אַן אוראַלטער וואַלד וואס קיין מענטשלעך פוס האט ביז איצט ניט באַטראָטן. דורך אָט־דעם אומדורכדרינגלעכן וואַלד האָבן מיר געדאַרפט דורכ־לייגן אַן אייזנבאַן-ליניע. זיבן מאָנאַטן אין יאר געפינען זיך דאָ אַזעלכע ווילדע פליגן און קאָמאַרן וואס האבן אונדז צעביסן ביז בלוט איז גערונען פון די הענט און פיס. אונדזערע שומרים זיינען אַרומגעגאַנגען מיט אַזעלכע וואַלן אויף זייערע פנימער. מיר האבן זיך ניט געטאָרט באַשיצן קעגן די אינזעקטן בלוטזויגערס און נאַציס בלוטזויגערס.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן האבן מיר דאך אויסגעלייגט די ליניע אויף א שטרעקע פון א היפשע צאָל ווערסט.

אַז דער פראָנט האט זיך גענומען דערנענטערן, האט מען אונדז ווידער אין הוילער טויט-שרעק טראַנספּאָרטירט אויף אַן אַנדער אַרבעט-פּלאַץ.

אליעזר קארפעל

# דער פארונגלעקן פון א פארטיזאן

מיר האָבן פארמאָגט (אויף דער „קרקע") 18 דעסיאַטין (א 20 העקטאַר) לאנד. זיך פארנומען מיט ערד-ארבעט.

ביז 1925 בין איך געווען אין רודנע, אַ דאָרף, וווּ עס האָבן געוווינט פינף יידישע משפחות, אלע אויסגעבונדן אין נאָענטער קרובהשאפט.

פון 1925 געוווינט אין סמארגאָן אויף סקאפינקער גאַס.

נאָכן ערשטן חורבן פון סמארגאָן און ארויסגעטריבן ווערן, זיינען מיר צוריקגעקומען און זיך צוריק באזעצט. בלויז עטלעכע טויזנט יידן זיינען איצט געווען אין סמארגאָן.

1941. עס קומען פאַר שלאַכטן צווישן דער רוסישער ארמיי און די דייטשע פלאץ און די הייזער וואָס רינגלען אים ארום ווערן איינגאנצן אָפּגעברענט.

23-טן מאַי 1941 טרעט איך אריין אין דער רויטער ארמיי. דער הויפּט-קאָמאנדיר איז געווען וואָראָשילאָוו. מען שיקט מיך אָפּ קיין וויאזמע אויפן פראָנט. ביי וויאזמע שטיי איך פיר חדשים. אין אָקטאָבער פאַל איך אריין אין געפאנגענ-שאפט ביי די דייטשן.

די דייטשן טרייבן אונדז, א פארטיע געפאַנגענע, קיין סמאָלענסק. אויפן וועג גיט זיך מיר איין צו אנטלויפן. איך באהאַלט זיך אויס אין די דערפער. ווו געטאָגט ניט געגנעכטיקט. איך ארבעט ביי די פּויערים, ווי איינער פון זיי. אין נאָוועמבער האָבן מיך די דייטשן ווידער פארנומען. זיי האָבן געזוכט יונגע מענטשן. מען האָט מיך צוריק אָפּגעפירט אין א לאגער פאר קריגס-געפאַנגענע. זייענדיק אין לאַגער האָבן מיר געטאָן פארשיידענע ארבעטן: געהאקט האָלץ אין וואלד, געזעגט האָלץ, אויסגעלייגט צופאַר-וועגן צו די שאָסייען, גערייניקט די וועגן פון שניי.

זיך געפלאָגט אין לאַגער קארגע צוויי יאָר, ביז דעם 20-טן סעפּט. 1943.

אזוי ווי מיר זיינען געווען יונגע לייט און אָן דאָקומענטן, האָבן די דייטשן אונדז געהאלטן און באהאנדלט ווי קריגס-געפאנגענע. איך האָב זיך אָנגערופן אַלעקסאַנדער קארפּאָוו, און זיך ארויסגעגעבן פאר א קריסט, א ווייסרוס. דער לאַגער האָט זיך געפונען אין „קראסני באָר" לעבן סמאָלענסק.

1943, אויג. מאָנאט. די רויטע ארמיי האָט גענומען צוקומען נענטער צו סמאָלענסק. האָט מען דעם לאַגער אריבערגעפירט אויף אן אנדער פלאץ לעבן אָרשע.

מיר האָבן זיך דערוווסט אַז אין די נאָענטסטע דערפער געפינען זיך פּאַרטיזאַנער. אין דעם לאַגער לעבן אָרשע האָבן מיר געאַרבעט ביי קאַוואַלעריע דאָס מיינט באַרשטן און פּוצן די פערד, קאָרמען זיי און פּאַיען, רייניקן די שטאַלן. אַזוי אַז מיר זיינען געווען אַ ביסל פרייער אין אונדזערע באַוועגונגען, און די שמירה איז ניט געווען אַזוי וואַכזאַם און שטרענג. האָבן מיר געמאַכט „פליטה״. מיר מיינט איך און נאָך צוויי געפאַנגענע. דאָס איז שוין געווען דעם 20־טן סעפּטעמבער 1943. צוויי טעג און צוויי נעכט האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער. מורא געהאַט מען זאָל אונדז ניט כאַפּן און דערשיסן. די צוויי מעת-לעת האָבן מיר גאָרניט געגעסן.

צום סוף האָבן מיר אָנגעטראָפן אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער. זיינען מיר צו זיי צוגעשטאַנען. די גרופּע איז געווען אַ טייל פון דער 16-טער סמאָלענסקער בריגאַדע. זי האָט געציילט 1,500 ווייסרוסן, רוסן און צווישן זיי בלויז איין יידיש מיידל פון מינסק. ביי די פּאַרטיזאַנער בין איך שוין געוואָרן צוריק אַ ייד און געטראָגן מיין אמתן נאָמען. אין דער דיוויזיע זיינען געווען מענטשן מיט הויכער מיליטערישער בילדונג און מלחמה-דערפאַרונג. זיי זיינען געווען אַנטלאָפענע פון דייטשע געפאַנגענען-לאַגערן. איך בין געוואָרן אַן אויסקוקער (ראַזוויעדטשיק) און אַ קאָמאַנדיר פון אַ זוואָד (אַ קליינע מיליטערישע אָפּטיילונג).

1944. 3-טן יולי האָבן מיר זיך פאַראייניקט מיט דער רויטער אַרמיי צווישן די שטעטלעך סוויר און מיכאַלישעק. דערנאָך איז די רויטע אַרמיי אַוועק ווייטער אין דער ריכטונג צו דייטשלאַנד. אונדזער בריגאַדע פון פּאַרטיזאַנער זיינען געבליבן אָפּצורייניקן די וועלדער פון די אויסבאַהאַלטענע דייטשן און אָפּטיילונגען פון פּוילישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געקעמפט קעגן אונדז. אַז מיר זיינען פּאַרטיק געוואָרן מיט אונדזער אויפגאַבע אין די וועלדער, האָבן מיר זיך ווידער פאַראייניקט מיט אַן אָפּטיילונג פון דער רויטער אַרמיי, און אַוועק אויפן פראָנט הינטער ריגע. דערנאָך מעמל, קעניגסבערג און דאַנציק.

איך בין געווען צוויי מאָל פאַרוווּנדעט. איין מאָל אין מעמל דעם 20-טן סעפּט. 1944, אַ צווייטן מאָל אין קעניגסבערג דעם 10-טן פעב. 1945. אָבער פאַר מיינע וווּנדן האָבן די דייטשן באַצאָלט מיט צענדליקער און הונדערטער לעבנס. אונדזער אָפּטיילונג האָט אויפגעריסן בריקן, באַנליניעס, פיר עשאַלאָנען אַראָבגע-שליידערט פון די אויפגעריסענע רעלסן, צוויי מיט טאַנקן, צוויי מיט דייטשע זעלנער. פאַרנומען אַ באַזע וואָס איז געפירט געוואָרן צום פראָנט. זיך באַטייליקט אין שלאַכטן אויפן פראָנט ביז דעם 12-טן מאַי 1945. דערנאָך בין איך געווען אין ליגניץ לעבן ברעסלאַוו אַן אויפזעער איבער דער מיליטערישער ווירטשאַפט ביז 1947.

פאַר בראַווקייט אין שלאַכטן האָב איך באַקומען פינף מעדאַלן און דעם „אָרדן רויטע קריגס-פאָן״.

מארגאלע הורוויטש

# סמאגראן איז צוויי מאל חרוב געווארן

1915 זיינען אריין די קאָזאקן אין שטאָט. זיי האָבן אלע יידן גלייך ארויסגעטריבן.

מיר האָבן זיך געלאָזט גיין דורך זאליעסער וואלד אין דער ריכטונג פון זאלאדעטשנע. מיר זענען ארויס פון שטאָט פרייטיק, מיטגענומען מיט זיך בלויז ליכט און חלה: ליכט אויף צו בענטשן און אָנצינדן פרייטיק צונאכט, חלה — אויף לחם-משנה ביי דער „שבת-סעודה". שבת האָבן מיר געהאלטן אין וואלד. אין זאמד אריינגעשטעלט די ליכט קיין לייכטער האָבן מיר ניט מיטגענומען. אַ צו שווערע משא.

מוצאי שבת האָבן מיר זיך געלאָזט גיין דורך זאסקעוויטשער וואלד קיין לעבעדאווע. אין לעבעדאווע קיינעם ניט געפונען. אלע צעלאָפן. מיר האָבן איבערגענעכטיקט אין שול. זיך אָנגעפאקט ווי הערינג אין א פעסל. איבערגענעכטיקט, זיך אביסל אָפּגערוט און זיך געלאָזט גיין קיין מאלאדעטשנע. דערגאנגען צו פוס. פון מאלאדעטשנע געפאָרן מיט דער באן קיין מינסק.

אין מינסק איז ניט געווען גענוג שפייז פאר אלע אָנגעפאָרענע פליטים. צווישן עולם פליטים האָט אויסגעבראָכן אן עפּידעמיע פון כאָלערינקע. קלאנגען האָבן זיך פארשפרייט, אז די דאָקטוירים פארסמען די חלאים, אזוי אז מ'האָט מורא געהאט זיך ווענדן צו א דאָקטאָר. מ'האָט ניט אויסגעזאָגט אז עמיצער איז קראנק, ווייל צו ווען מע האָט גערופן א דאָקטאָר און גענומען די מעדיצין, וואָס ער האָט פארשריבן, איז יענער געשטאָרבן, און די וואָס מ'האָט ניט קורירט, זיינען געבליבן לעבן. אזוי האָט דער עולם פליטים גערעדט.

בלויז איין וואָך פארבראכט אין מינסק. ווי פליטים האָט אונדז דער רויטער קרייץ, טאטיאנאס קאָמיטעט, געגעבן אומזיסטע באן-בילעטן צו פאָרן וווהין מיר ווילן. מיר זיינען דערפאָרן ביז ראמני פאלטאווער גובערניע. געווען דאָרט ביז 1922. דורכגעלעבט די שווערסטע צייטן אונטער גענעראל דעניקין און די ווייסע גוואַרדייער, וואָס זייער לאָזונג איז געווען: „הרגע יידן און ראטעווע רוסלאנד!" וואָס מיר האָבן פארמאָגט האָט מען ביי אונדז צעראַבירט.

ר״ח אלול 1922 זיינען מיר אָנגעקומען צוריק קיין סמאָרגאָן. געפונען חורבות. די לעדער-פאַבריקן האָט מען צוריק ניט געעפנט. די סמאָרגאָנער לעדער פאַבריקאַנטן זיינען צעשפּרייט איבער פאַרשיידענע שטעט אין רוסלאַנד: אין כאַרקאָוו, ראָסטאָוו אויפן דאָן, ניזשני נאָווגאָראָד, סאַמאַרע; אַנדערע זיינען פאַר־פאָרן אַזש קיין סיביר.

סמאָרגאָן האָט זיך גענומען אויפבויען, קליינע הייזער, זעלטן ווו א צוויי שטאָקיק געביידע. מ׳האָט געהאַנדלט מיט לעדער אין סמאָרגאָן און אויף די ירידים. מ׳האָט אויך באַקומען שטיצע פון אַמעריקע. סוף כל סוף איז סמאָרגאָן אויפגעבויט געוואָרן, אָבער זי איז ניט געקומען צו זיך. ניט ווי זי איז געווען פאַרן חורבן. איצט איז סמאָרגאָן געווען אונטער דער מאַכט פון די פּאָליאַקן.

1939 זיינען אַריין אין סמאָרגאָן סאָוויעטישע זעלנער, איינגעפירט א סאָוויעטן רעזשים. אין 1941 זיינען זיי אַרויס און די דייטשע נאַצישע זעלנער זיינען אַריין.

איך בין אַרויס פון סמאָרגאָן צו פוס. זיך געלאָזן גיין קיין זאַליעסיע. דערגאַנגען צו פוס ביז אָרשע. אויף דעם גאַנצן וועג האָבן דייטשע אַעראָפּלאַנען געוואָרפן באָמבעס. איך בין עוואַקואירט געוואָרן קיין פּענזע, פון פּענזע האָט מען מיך איבערגעפירט קיין סאַמאַרע וואָס האָט געהייסן קובישאָוו. פון דאָרטן האָט מען מיך אַריבערגעשיקט אין א קאָלכאָז. דאָ האָב איך געאַרבעט א האַלבן יאָר.

מיין טאָכטער איז געוואָרן א „קראַנקן-שוועסטער" און איז אַוועק אויפן אוראַל, געאַרבעט דאָרט פון 1943 ביז 1948. דערנאָך איז זי געקומען צוריק קיין ווילנע. איך בין אויך געקומען אין ווילנא. אַזוי ווי מיר האָבן זיך גערעכנט פאַר פּוילישע בירגער, האָבן אונדז די סאָוויעטן אַרויסגעלאָזט. זיינען מיר פון ווילנא אַוועק קיין וואַרשע אין 1947. אָנגעקומען קיין ישראל דורך לוד.

מיין שוועסטער העניע איז געשטאַנען אין שידוכים. האָט זי באַגעגנט א חתן, א ישיבה בחור. אָבער ווי באַלד ער האָט מיט איר געשמועסט, האָט זי געהאַלטן, אַז ער איז צו פריי. פרעגט זי אים — איז פאַראַן ביי אייך אין ראַדינער ישיבה א בחור, וואָס איז אָפּגעהיטענער פון אייך?

— יאָ, עס איז דאָ. ער הייסט ר׳ זעליג, דער גראָדנער.

האָט מיין שוועסטער חתונה געהאַט פאַר ר׳ זעליג שפּירא, וואָס איז געווען א שם דבר אין דער מוסרניקעס ישיבהשער סביבה. אין בוך „העכער פון דער זון" פון דוד זאַרעצקי, וואָס איז געהייליקט צו די אומגעקומענע תלמידים פון חפץ חיימס ישיבה, פאַרנעמט זעליג דעם אויבנאָן. וועגן אים ווערן דערציילט מתנגדישע מוסרניקישע מופתים. אין אַשמענער געטאָ, ווו ער איז געווען מיט זיין ווייב, האָט ער געלערנט מיט די קינדער חומש און אויך גמרא.

ווען מיין שוועסטער איז אין 1938 שטאַרק קראַנק געוואָרן, האָט איר ר׳

זעליג שפּירא געשאָנקען פינף יאָר פון זיין לעבן און מיט ווילנער פינף דיינים איז ער אוועק אויפן גאונס קבר מתפלל זיין פאַר איר געזונט. און מער ווי פינף יאָר דערנאָך האָט זי ניט געלעבט.

ווען מ׳האָט מיין שוועסטער און איר מאַן געפירט פון אשמענע קיין פּאָנאַר, זיינען זיי ארויסגעשפרונגען פון וואַגאָן. די דייטשן האָבן זיי דערשאָסן אויפן אָרט. דאָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1943, פונקט פינף יאָר נאָך איר געזונט ווערן. יידן האָבן דערקענט זייערע טויטע קערפּערס און זיי געבראַכט צו קבר ישראל.

לאה בוביס — בודגאר

# איבערלעבענישן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה

1941, חודש יוני. די מלחמה ברעכט אויס. איך בין אַן אָנגעשטעלטע אין א סאָוויעטישן געשעפט. איך און סאָניע אלקין שטייען ביים געשעפט, די שליסלען אין די הענט. מיר זיינען גרייט עס צו עפענען, ערשט מיר זעען, אז די סאָוויעטישע טוער און אויפזעער זיינען עפעס ווי צעטומלט, און לויפן פון פלאַץ צו פלאַץ. א סומאטאכע, א געפילדער. מיר זיינען אין א פארלעגנהייט און ווייסן ניט וואָס מיר זאָלן טאָן. אָפשליסן צי ניט. האָבן מיר זיך געווענדט צו איינעם פון דער פארוואלטונג, און פרעגן אים ווי דארפן מיר האנדלען. ער ענטפערט אונדז, אז קיין זאך האָט ניט פאסירט און מיר דארפן עפענען דאָס געשעפט ווי אלע מאָל. און גלייך נאָך זיינע רייד איז ער נעלם געוואָרן. מיר זיינען געוואָרן זייער אומרויק און פרעגן די אנדערע סמאָרגאָנער יידן, וואָס דאָ קומט פאָר. ערשט עס שטעלט זיך ארויס, אז קריג איז אויסגעבראָכן.

וווהין לויפט מען ? אסך סמאָרגאָנער זיינען אוועק צופוס אין דער ריכטונג פון מינסק. איך, מיין מוטער שיינע יענטע בודגאר, האָבן ניט געהאט קיין כוח זיך צו שלעפן צו פוס. דער ברודער ברוך איז געווען מיט אונדז אָבער דער ברודער יעקב איז געווען אוועקגעפאָרן אין א דאָרף לעבן סוויר. האָבן מיר באשלאָסן וואַרטן אויף זיין צוריקקומען מיט פערד און וואָגן. ביי דער נאכט איז ער טאקע אָנגעקומען. האָבן מיר זיך איינגעפאקט, גענומען זאכן וויפל מיר האָבן נאָר געקאָנט אָנלייגן און זיך אוועקגעלאָזן אין דאָרף צו באקאנטע פויערים.

אויפן וועג, פאַרענדיק, האָבן מיר שוין באגעגנט דייטשע זעלנער. איך האָב זיך גוט איבערגעשראָקן, דאָך זיך געצווונגען זיי צוצוּוואַרפן א שמייכל, כדי זיי זאָל ניט איינפאלן אז מיר אנטלויפן טאקע פון זיי. מיר זיינען אָנגעקומען אין כאטשעליעוויטש. דער ברודער יעקב האָט אונדז אריינגעפירט צו זיין באקאנטן פויער. מיר האָבן געהאָפט צו געפינען א צייטווייליקן מקום מקלט. דער פויער האָט אונדז אריינגעפירט אין זיין תבואה־שייער. מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן.

אויף מאָרגנס איז אריין אין שייער א פויער פון דאָרף. ער האָט געכאַפּט א האק און זיך געוואָרפן צו אונדז מיט קולות : זשידעס, איך וועל אייך אלע דאָ אויסהרגענען ! אז ער האָט דערזען יעקבן, מיין ברודער, איז ער ווייכער געוואָרן

און האָט געזאָגט: ווען ניט יענקל, וואָס ער איז מיין פריינט, האָק איך אייך אלעמען אראָפּ די קעפּ.

אזוי זיינען מיר געזעסן עטלעכע טעג אין שייער אין הוילער שרעק, געזעסן און געוויינט. דערהויפּט איז אונדז געווען שווער אויפן געמיט פרייטיק צו נאכט, אז מיר האָבן זיך דערמאָנט ווי די מאמע האָט געבענטשט ליכט און מיר האָבן זיך געפילט אזוי זיכער ביי זיך אין דער היים.

יעדן טאָג איז אריין צו אונדז דער פּויער אין ווען עמענס שייער מיר האָבן זיך געפונען און געהייסן אונדז פארלאָזן דעם פּלאַץ פון אונדזער באהעלטעניש, ווייל ער האָט מורא פאר די דייטשן, זיי זאָלן זיך ניט דערוויסן אז ער פארבאהאלט ביי זיך יידן.

איך זאָג צו דער מאמען: מאמע, לאָמיר אוועקגיין אין סווירער געטאָ. וואָס עס וועט זיין מיט אלע יידן, וועט זיין מיט אונדז.

די מאמע האָט צוגעשטימט און מיר זיינען אריינגעפאָרן אין סווירער געטאָ. א טייל פון אונדזערע זאכן האָבן מיר מיטגענומען, דאָס איבעריקע האָבן מיר איבערגעלאָזן ביי דעם פּויער אין דאָרף כאטשילאוויטש.

אין סווירער געטאָ זיינען געווען נאָך סמאָרגאָנער, ווי דהיינו, נחמה יעקבסאָן און איר מוטער און ברודער משה, אויך אסתר און הינדע קאַץ מיט זייער מוטער און פאָטער ישראל קאַץ. איך פלעג זיך מיט זיי אלעמען טרעפן ביי דער ארבעט. מיר פלעגן מוזן יעדן טאָג גיין אויף ארבעט.

געוווינט האָב איך און מיין משפחה אויפן שול-הויף ביי קרובים. די לאַגע איז געווען אַן אומדערטרעגלעכע; געאַרבעט שווער און אלס לוין געזען פאר די אויגן דעם טויט יעדן טאָג אין וואָך. קיין איין מינוט איז מען ניט זיכער געווען מיטן צרהדיקן פארפראַצעוועטן לעבן.

איין מאָל בין איך מיט מיין ברודער יעקב אוועק אין דאָרף צום פּויער, אָפּנעמען א טייל פון די זאכן, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזן. אויפן וועג ביים דאָרף לישניצע, האָבן אונדז געכאַפּט צוויי פּויערים, וואָס זיינען פונקט אָנגעפאָרן פון סוויר. עס איז געווען שפּעט ביי דער נאכט. זיי האָבן אונדז געוואָלט דערשיסן. מיט ביטערן געוויין האָב איך זיך געגומען בעטן ביי זיי, זיי זאָלן אונדז לאָזן זיך אומקערן אין סווירער געטאָ, צו אונדזער מוטער וואָס וואַרט אויף אונדז. מיך האָבן זיי צום סוף אָפּגעלאָזן, אָבער ניט דעם ברודער. זיי האָבן געהאלטן פּיסטאָלעט אָנגעשטעלט אויף אים און אזוי אים געפירט אין זייער וואָגן אין וואלד אריין. איך האָב זיך ניט פארלאָרן און אָנגעכאַפּט דעם פערד ביי דעם צוים און זיי ניט געלאָזן פאָרן אין וואלד אריין און זיך געבעטן ביי זיי רחמים: איך האָב געקלאָגט און געיאָמערט: וואָס טויג מיר מיין לעבן אָן מיין ליבן ברודער! זייערע רצחנישע הערצער זיינען ווייכער געוואָרן און זיי האָבן אונדזביידן געלאָזן פריי גיין צוריק אין געטאָ.

אין סווירער געטאָ זיינען מיר געווען ביז סוף 1941, ווען מ'האָט איבערגע-לאָזט אין געטאָ בלויז בעלי-מלאכות געניטע אין זייער פאַך. מיך און מיין מוטער האָט מען איבערגעשיקט אין מיכאַלישקער געטאָ. מיינע צוויי ברידער, ברוך און יעקב האָט מען געשיקט אין אַן ארבעטס-לאַגער לעבן ווילנא.

אָנגעקומען אין מיכאַלישקער געטאָ האָט מען אונדז איינגעקוואַרטירט אין אַ הויז, אין וועלכן עס האָבן שוין געוווינט 30 מאַן. די סאַניטאַרע ווי בכלל די לעבנס באַדינגונגען זיינען געווען שוידערלעכע, ווער עס האָט עס ניט איבערגעלעבט קאָן זיך עס קוים פאָרשטעלן: שמוץ, הונגער און קעלט. איך האָב זיך דורכגעשטופּט דורך די שטעכיקע דראָטן מיט וועלכע די געטאָ איז געווען אַרומגעצוימט. איך בין אַוועק קריגן אביסל שפּייז ביי די פּויערים אין אויסטויש פאַר קליידער. ביי דער נאַכט האָב איך זיך צוריק אריינגעגנבעט. די געפאַר איז געווען גרויס, אָבער דער הונגער האָט מיך געטריבן, און איך האָב איינגעשטעלט דעם לעבן. אין מיכאַלישקער געטאָ האָב איך געטראָפן די זעלבע סמאַרגאָנער פאַמיליעס וואָס איך האָב געזען אין סווירער געטאָ.

אין סוף 1942 איז ארויס אַ באַפעל צו פאַרלאָזן דעם געטאָ און ווער עס האָט אייגענע ערגעץ אין אַן ארבעט-לאַגער האָט אַ רעכט אהין זיך אריבערפירן. און נאָך אַ פּריווילעגיע האָבן מיר געקראָגן: די, וואָס האָבן איבערגעלאָזן זאַכן אין די דערפער ביי די פּויערים, האָבן דאָס רעכט צו פאָרן אהין אָפּנעמען די זאַכן און זיי מיטנעמען מיט זיך אין ווייטן וועג אריין. אויף דעם האָט מען געשאַנקען זיבן טעג.

מען האָט אונדז געזאָגט, אַז מ'גייט אונדז אָפּשיקן קיין ווילנער געטאָ. דער צום דאָרט איז זייער הויך און די וואָך זייער שטרענג, אַזוי אַז פון געטאָ וועלן מיר ניט קאָנען ארויס צו קריגן עסנוואַרג ביי די פּויערים פאַר אונדזערע זאַכן. מוזן מיר זיך איינשאַפן וואָס מער קליידונג און אַנדערע נויטיקע אַרטיקלען, וואָס מיר וואָלטן קאָנען אויסטוישן פאַר ברויט אין געטאָ גופא. אָן דעם וועלן מיר אויסגיין פון הונגער. איז די מאַמע אַוועק צו פוס אין דאָרף באַטשילעוויטש, האָט אָפּגענומען אַ טייל זאַכן און זיך געלאָזט גיין מיט זיי צוריק. האָט אַ פּויער אויפן וועג זי דערהרגעט און צוגענומען וואָס זי האָט נאָר געהאַט. איך בין געבליבן איינע אליין, איינגאַנצן הילפלאָז. איך האָב ניט אויפגעהערט צו וויינען, שיעור ניט אויסגעוויינט די אויגן ביז צום בלינד ווערן.

אַלע אין געטאָ האָבן זיך געפּאַקט. איך האָב ניט געוווסט וואָס צו טאָן. איך בין געווען איינגאַנצן פאַרלאָרן.

איין טאָג איז געקומען צו מיר מיין ברודער ברוך און האָט מיך גענומען אין ארבעטס-לאַגער לעבן ווילנא.

די איבעריקע סמאַרגאָנער, צום אומגליק, זיינען אַוועק אויף קאָוונע. זיי זיינען אַלע אומגעקומען.

אין געטאָ ווילנא האָב איך געוווינט מיט מיינע צוויי ברידער, ברוך און יעקב.

1943. מען האָט געטריבן אויף שווערער ארבעט אָן עסן און אָן טרינקען. מיט אַן א שיעור צרות, ליידן און טויט-שרעק. מיט יעדן טאָג איז דער געטאָ וואָך געוואָרן שטרענגער. עס איז אָנגעקומען דער תליין ווייס, און מורער, דער געסטאַ-פּאָ-מענטש. ניט איינמאָל האָט מען אונדז בעת דער ארבעט ארומגערינגלט מיט א קייט פון געסטאַפּאָ-לייט. איך האָב געקוקט אויף אַלע זייטן אפשר איז פאראַן ערגעץ אַן עפענונג צו אנטלויפן דורך איר, און מיטן אנטלויפן זיך ראַטעווען.

איך מיט מיינע צוויי ברידער זיינען געשיקט געוואָרן אויף ארבעט אין א גרינוואַרגס גאָרטן אין קופּערנישעק לעבן ווילנע. עס האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אז די דייטשן גייען ליקווידירן דעם געטאָ אין ווילנא. האָבן מיר זיך גענומען גרייטן צו מאכן פליטה אין וואַלד אריין, ד.ה. זיך אָנשליסן אין א גרופּע פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן געוווּסט אז די פּאַרטיזאַנער נעמען אויף די פליטים, וואָס קומען און ברענגען געווער. האָבן מיר פאַר די בגדים און קליידלעך, וואָס זיינען אונדז נאָך געבליבן, איינגעקויפט זיך רעוואָלווערן. מיר האָבן זיך צוזאַמענגענומען אין א גרופּע פון 18 מאַן. מיר האָבן אראָפּגעוואָרפן די געלע לאַטעס און זיך געלאָזט גיין. מיר זיינען פארבייגעגאַנגען א ריי דערפער. געגאַנגען ביי דער נאַכט, בייטאָג זיך פארבאַהאַלטן אין די קוסטעס. מיר האָבן ניט געהאַט וואָס צו עסן. מיר האָבן איינמאָל ריזיקירט און געוואָלט אריין אין א פּויערשער שטוב און בעטן א שטיקל ברויט. אָבער די הינט פון דאָרף זיינען אונדז באַפאַלן און אונדז שיעור ניט צעביסן, אזוי אז מיר האָבן זיך געמוזט צוריקציען אין וואַלד אריין. מיר זיינען אזוי געגאַנגען דורך די נעכט ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין די נאַראַטשער וועלדער. פון די פּויערים האָבן מיר זיך דערוווּסט, אז אין וואַלד האַלטן זיך אויף אָפּטיילונגען פון פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן זיך זייער דערפרייט: דאָס מיינט דאָך, אז מיר זיינען נאָענט צו אונדזער ציל. ווי מיר שטייען אזוי און באַראַטן זיך אין וועלכער ריכטונג זיך צו לאָזן גיין, ערשט עס קומט אָן א פּאַרטיע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן, ערשטנס, צוגענומען ביי אונדז דאָס געווער און האָבן אונדז געהייסן גיין טיפער אין וואַלד אריין. מיר האָבן געפאָלגט. מיר זיינען צו צום קאָמאַנדיר פון דער פּאַרטיזאַנער אָפּטיילונג. גיט ער אונדז א פרעג, אין ערנסט צי אין שפּאַס: ווו זיינען אייערע ביקסן, גראַנאַטן. מעלדן מיר אז מיר האָבן געהאַט בלויז רעוואָלווערן און די האָבן די פּאַרטיזאַנער ביי אונדז צוגענומען. פרעגט ער ווייטער: ווי אזוי האָט איר געקראָגן די רעוואָלווערן? ענטפערן מיר אים, אז מיר קומען פון ווילנער געטאָ און די רעוואָלווערן האָבן מיר געקויפט. לאַכט ער זיך פונאַנדער און זאָגט צו אונדז: אזוינע פּאַרטיזאַנער זייט איר עס! איר האָט געדאַרפט דערהרגענען עטלעכע דייטשן און צונעמען ביי זיי דאָס געווער, דעמאָלט וואָלט איר געווען ריכטיקע פּאַרטיזאַנער. ער האָט זיך אנטזאָגט אונדז אויפצונעמען

אין זיין אָפּטיילונג. ער האָט אָבער געזאָגט אז אין וואלד איז פאראן א יידישע פּארטיזאנער-גרופּע און מיר זאָלן גיין צו זיי.

מיר האָבן אזוי געטאָן. די יידישע פּארטיזאנער האָבן זיך מיט אונדז ממש דערפרייט. זייער קאָמאנדיר האָט געהייסן יוסף גלאזמאן. ער איז געקומען פון ווילנער געטאָ. די יידישע גרופּע איז סוף 1944 צעפאלן געוואָרן און די איינצעלנע פּארטיזאנער, וואָס האָבן געהאט געווער, האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן דער אלגעמיינער אָפּטיילונג פון די פּארטיזאנער. מיך האָט מען אריינגענומען צום אָנפאנג, אין אן ארבעטער אָפּטיילונג, אין א שניידערשער גרופּע. פּלוצלונג זיינען די וועלדער, ווו עס האָבן זיך געפונען די פּארטיזאנער פּאָזיציעס, באפאלן געוואָרן פון די דייטשע חיילות בערך אין א צאָל פון 2—3 טויזנט מאן. זיי האָבן אָנגעפאנגען די אָפּענסיווע קעגן די פּארטיזאנער. מיך האָט מען באשמיטט פאר דעם געהילף פון רוסישן דאָקטאָר. מיין אויפגאבע איז געווען אויפצופּאַסן אויף די פאַרוואונדעטע פּאַר־טיזאנער. מען האָט מיך און די חולאים אָפּגעפירט אויף די ניוורער בלאטעס. איך האָב געזאָגט צום דאָקטאָר, אז ווען די דייטשן וועלן צוקומען־נאָענט צו אונדז, וועל איך אנטלויפן און איבערלאָזן די פארוואונדעטע. ער האָט מיר דארויף גאָרניט געענטפערט, און איז אוועק און מיך איבערגעלאָזן. די שיסעריי איז געוואָרן אזוי פּארטויבנדיק, אז איך בין ווי צעטומלט געוואָרן און געמיינט אז מיט מיין מאכן מיט די הענט, וועל איך די קוילן אוועקשמייסן פון מיר און פון די קראנקע. דערנאָך בין איך אנטלאָפן. אָפּגעלאָפן א 100 מעטער פון קראנקן-לאגער, האָב איך זיך פארשטעקט אונטער א קוסט. אוועק א פּאָר מינוט, איך הער ווי די דייטשע זעלנער קומען צו, און לאָזן זיך קריכן אין זייערע גומענע שטיוול אין בלאָטע. איך בין געלעגן פארטארעט מיט אן איינגעהאלטענעם אָטעם. ערשט די דייטשן זיינען שנעל אוועק און איך בין געבליבן לעבן. ס'איז נאכט. שטארק פינצטער. איך לאָז זיך גיין צוריק צו די קראנקע און פארוואונדעטע. איך ווייס אָבער ניט דעם וועג. אויף מיין מזל האָב איך דערזען מיין טיכל פון קאָפּ. איך האָב עס פארלאָרן, הפּנים, לויפנדיק. הייסט עס אַז דאָס איז דער ריכטיקער שטעג. אז איך בין צוריק געקומען צו די קראנקע, האָב איך דערזען א שרעקלעך בילד. איינער פון מיינע חולאים אין טויט־אגאניע, ער האָט זיך דערשאָסן האלב אויף טויט, מורא־האָבנדיק די דייטשן זאָלן אים ניט דערשיסן. איז ער באגאנגען זעלבסט-מאָרד. איך בין אָפּגעווען מיט די קראנקע אין די זומפּן עטלעכע טעג. עס איז געווען שרעקלעך קאלט. מיר האָבן ניט געהאט קיין ווארימע אָנטועכץ. אז עס איז שטילער געוואָרן, האָט מען די קראנקע צוריקגעפירט אין וואלד אריין, און מיך האָט מען אָפּגעזאָגט, אזוי אז איך האָב באדארפט גיין זוכן פאר מיר א נייעם פּלאץ ווו צו זיין.

בשעת דעם איבערפאל פון די דייטשן, איז מיין ברודער ברוך מיט נאָך 18 מאן, צווישן זיי זייער קאָמאנדיר גלאזמאן, אומגעקומען. די דייטשן האָבן זיי

ארומגערינגלט, און אום ניט אריינצופאלן אין די נאצישע הענט, האָבן זיי זיך אויפגעריסן מיט האנט-גראנאטן.

איך בין געבליבן מיט מיין עלטערן ברודער יעקב. מיר האָבן געהערט אז ניט ווייט פון דאנעגט, אין ניוועך אויזלע, געפינען זיך יידן וואָס באהאלטן זיך אויס אין זעמליאנקעס. זיינען מיר צו זיי אוועק. עסן צוביסלעך האָבן מיר באקומען פון די פויערים, וואָס האָבן געביטן זייער באציונג צו די יידן, באגרייפנדיק, אז די דייטשן האָבן דעם קריג פארלאָרן און מ׳וועט זיי פון לאנד פארטרייבן.

עטלעכע חדשים שפּעטער האָט זיך דער קריג פארענדיקט מיט דער מפּלה פון די נאציס.

איך בין פריי. אָבער וווהין לאָזט מען זיך גיין? צוריק אהיים..

אז איך בין געקומען צוריק קיין סמארגאָן, האָב איך געפונען אונדזער הויז פארברענט. בלויז די גוישע הייזער אין אונדזער קרעווער גאַס, זיינען געבליבן גאנץ. אלע יידישע הייזער חרוב ומוחרב.

1945. איך האָב קיין צוקונפט פאר זיך אין אונדזער פארוויסטער שטאָט ניט געזען. בין איך אוועקגעפאָרן קיין לאָדזש, פון לאָדזש קיין דייטשלאנד. איז דייטשלאנד אָפּגעוועזן א יאָר צייט, און אָפּגעפאָרן קיין איטאליע אין 1946. אין 1947 אין איטאליע האָב איך געהייראט, און אין 1948 געקומען קיין ישראל.

טובה דונסקי

# קטעי עדות

נולדתי בסמורגון בשנת 1923.

1941. הפציצו את העיר סמורגון. היהודים ברחו מהעיר והתחבאו בכפרים שמסביב, ואני הייתי ביניהם. אבל גם בכפרים לא היינו בטוחים מפני ההפצצות ושבנו העירה.

הגרמנים שכבשו את העיר ערכו שתי גיטאות: אחת בחצר בית הכנסת וברחובות אחדים הסמוכים לה; שניה ב„קרקע".

כל אנשי ביתנו נדחקו לחדר אחד. לא היו די מקומות מגורים. הצפיפות היתה נוראה.

יום-יום היו באים הגרמנים, בליווית הרוסים הלבנים תושבי סמורגון, ומגייסים לעבודה גם אנשים וגם נשים.

עבדנו מהבוקר עד הערב.

ב„קרקע" נמצאו יהודים אחדים טוחנים. להם היה קמח. הם חילקו אותו לנצרכים. אלה שהיה להם כסף קנו צרכי-אוכל בכפרים. ואלה שלא היה להם כסף נתנו בגדים, שמלות לאיכרים וקבלו תמורתם לחם, תפוחי אדמה, ומצרכים אחרים.

אוג. 1942 בטרנספורט השלישי גייסו אותי ועוד הרבה צעירים וצעירות. נאמר לנו שאנו מגוייסים לעבודה למשך של ששה שבועות בלבד. ההובלה בוצעה בקרונות של בהמות. הנסיעה ארכה ארבע יממות. בדרך נתנו לנו לאכול לחם יבש. הקרונות היו סגורים ונעולים. גם החלונות היו אטומים לבל נוכל להציץ החוצה ולדעת איפה אנו נמצאים ולאן אנו מובלים. ישבנו צפופים. כולנו צעירים וצעירות מוכשרים לעבוד כל עבודה קשה.

הביאו אותנו לז'יז'מיר, עירה קטנה בקרבת קובנה. כאן היה מחנה עבודה. הנשים השתכנו בבית הכנסת והגברים בחצר בית הכנסת.

המפקח על המחנה היה יהודי מפודברודזש בשם רינג. הוא היה מעיר אותנו בכל בוקר לשתות קפה. את הקפה הכינו דיירי־המחנה. עבדנו מהבוקר עד שהחשיך בסלילת כביש.

פעם כשנקראנו למפקד, פנה אלינו ראש המחנה, שכינינו אותו „הצרוד", בשאלה והצהרה: אם יש ביניכם איש או אשה שהעבודה אינה לפי כוחותיו, או כוחותיה, יאמר לי והם יוחזרו למקומותיהם שהובאו משם.

עשרים וששה איש ענו כי העבודה קשה להם.

מיד הטעינו אותם על משאית והוסיפו לעשרים וששה עוד אנשים מספר כבני לווייה, הובילו אותם הרחק מחוץ למחנה. המיתום בירייה וקברום באותו מקום. הקברנים שבו אל המחנה ומסרו לנו על הקורות.

אני נשארתי בחיים בנס, כי גם בדעתי היה להודיע כי קשה לי לעבוד.

במחנה עבדו קרוב לאלף איש. פרצה מגפה של טיפוס. היה איתנו רופא בשם אנוליק ולו אשה ושמה מרים. היא היתה אחות רחמניה. הם הובאו למחנה מווילנה. הם הסתירו מהגרמנים את דבר המגפה: העדרם של חולים בעת העבודה הם זקפו על חשבון מזג האוויר החמור. שנים עשר איש מתו במגפה.

החולים מתוך חום חרפו וגידפו את הגרמנים, קיללו את היטלר. ואנו יראנו פן ישמעו הגרמנים, מפקחי המחנה, את החרפות והקללות.

נודע לי שכל בני משפחתי נספו בפונאר, פרבר ווילנה.

י"א חודש ביליתי במחנה העבודה של ז'יז'מיר. כאשר חיסלו את המחנה הזה, העבירונו אל גיטו קובנה. שהינו בו חודש והועברנו לקושודאר. כאן העבידוני בפרך בחפירות כבול. רובם של העובדים חלו בשיגרון. עבדנו גם ביערות. כרתנו עצים, סיעפנו אותם וניסרנום לקרשים. אנשים ונשים עבדו ביחד. עשרים וארבעה אוקריינים ואוזבקים ושישה גרמנים קומוניסטים שעבדו במחנה בתור עצורים התמרדו: הרגו שני שוטרים אוקריינים, ואת המהנדס ההולנדי שהשגיח על העבודה ואת ראשו של הסמל פוצצו ומוחו נשפך על תיל הגדר, לקחו איתם נשקם וברחו אל הפרטיזנים שביערות.

למחרת הקיפו את כל המחנה חיילים גרמנים. ערכו מפקד ונוכחו כי אף יהודי אחד לא נעדר, וציוו עלינו להיכנס בחזרה אל הצריפים.

בקושודאר היו במחנה משפחות יהודים שהביאום מגיטו קובנה. איתם היו ילדים, בערך כעשרים וארבעה. הגרמנים תפסו את הילדים הטעינום בקרון הרכבת והובילום אי שם והרגו את כולם.

אחרי מעשה רצח הילדים נפקחו עיני העצורים לראות כי אחריתם עדי אובד וארבעים ושמונה יהודים ברחו אל הפרטיזנים. הגרמנים נוכחו כי במחנה הזה אין שמירה מספקת. והם העבירו אותנו אל אליקשוט. באליקשוט העבידונו בטעינת קרונות בחול. מי שלא עבד בזריזות יתרה הוכה מכות רצח. המשגיחים על העבודה היו אנשי ס.ס.

חודש ימים עבדנו במחנה אליקשוט. ומכאן שוב העבירו אותנו אל מחנה עבודה בשם קוזלובה רודא. כאן עבדנו שלשה חדשים בשדות כבול. מקוזלובה-רודא הביאו אותנו אל גיטו קובנה. כאשר חיסלו את הגיטו. הטעינו אותנו בקרונות של בהמות. הנסיעה ארכה כחמשה או ששה ימים. הביאו אותנו למחנה שטוטהוף שעל־יד דנציג. זה היה ב־1944. המחנה נמצא ביער. אליו הגענו מתחנת מסילת הברזל ברגל. בחצר

הבחנו בערימות של נעלי אנשים. והוברר לנו כי זהו מחנה השמדה. המחנה היה מוקף גדר-תייל מחושמל.

הובילו אותנו לצריפי רחצה. ציוו עלינו להתפשט ולעזוב את כל החפצים והתכשיטים שעוד נשארו לנו. הם ערכו אותנו לפלוגות בנות עשרים-עשרים. הובילו אותם לאי-שם והם נעלמו. הם בדקו אותנו, החלשים שבנו נידונו לכלייה. לחיסול בירייה או לשריפה. את המוכשרים לעבוד הניחו לחיות חיי-שעה. הגיע תורי, בדקוני והוציאו משפטי שכוחי איתי ועודני מוכשרה לעבוד עבודת פרך.

גלחו את ראשי, נתנו לי שמלת אסירה. שלוש מאות נשים שיכנו בתוך צריף אחד. דחק הצפיפות היה נורא: לא היה די מקום אף לעמוד, לא היה כמעט אוויר לנשימה.

יום יום היו בוחנים ובודקים אותנו, עורכים מפקדים ובוררים מי לחיים ומי למוות, ערכו אותנו בשני טורים לימין ולשמאל. אלה שנידונו לחיים הוחזרו לצריף. אלה שהזדרזו ונכנסו הראשונות, נכנסו ללא מכות וחבלות, אלה שפיגרו — הוכו באכזריות.

המפקח על המחנה כולו היה פולני בשם מאכס. המשגיחות בצריפים היו אוקראיניות.

פעם ביום נתנו לנו מרק כרוב. יש שרימו ועמדו בתור פעמיים. אם נתפסו הוכו מכות רצח על ה„נבלה" שעשו.

ששה שבועות הייתי בשטוטהוף. כמאה מאיתנו העבירו למחנה עבודה בגרמניה. חורף 1944 דוירנו באהלים שהיו נמוכים כל כך עד שאי אפשר היה להיכנס לתוכם בקומה זקופה אלא ע"י זחילה על הברכיים. העבידונו בפרך ללא כל תועלת שהיא. גרפנו שלג ממקום למקום.

היה חורף קר היינו לבושות שמלות קיץ. במחנה נמנו כשמונה מאות נשים. היהודיות היו מליטא ורוסיה הלבנה. ישנו על קש בלי מזרונים. במקום שמיכות להתכסות נתנו לנו מפות שולחן. נעלנו קבקבים. מי שחלתה, התקררה, לא גילתה דבר על מחלתה פן יחסלוה כשתיוודע חולשתה. במחנה היתה רופאה אחת, כלומר חובשת.

נודע לנו שבמחנה שהיה בשכונתנו חוסלו כל האסירים, ויראנו פן זאת תהא גם מנת-גורלנו.

העבירו אותנו לליוביץ בגליציה בסביבות טראן. אחר כך שינו דעתם ורצו להחזירנו לגרמניה, אולם לא הספיקה להם השעה. שבוע ימים התחבאו נוגשינו ביחד איתנו ביער מפני המטוסים המפוצצים שרחפו מעל לראשינו.

ילדים קטנים מן הכפר באו אל מקום מחבואנו והודיעו לנו שהרוסים מתקרבים. דבריהם נתאמתו. הרוסים באו. אבל לא האמנו למראה עינינו. היינו כל כך נפחדים ונבעתים ומדוכאים עד שחשבנו שהם גרמנים שמתחפשים במדי חיילים רוסים. קשה היה לנו לקבל את העובדה שאמנם זמן שחרורנו בא.

והנה הגיע חייל רוסי יהודי והוא פנה אלינו ביידיש — ורק אז נתיישבה דעתנו כי ניצלנו. ויוצאים אנו משיעבוד לגאולה, מביעותי מוות לחיים חפשיים.

הרוסים הכניסו אותנו אל המחנה שהיה פנוי מהגרמנים. מצאנו שם דוד מלא נזיד. חלק מהאנשים התנפלו על התבשיל ומילאו כרסם. ומכיוון שזה חדשים או שנים שלא אכלו לשובע — מתו מאי-עיכול: מעין „קברות התאווה". הכניסו אותנו לחנות מכולת ואמרו לנו: קחו מכל שתבחרו. בנות המחנה לקחו לחם. בעינינו זה היה אחד המעדנים היותר משובחים.

ש. גרייס

# עדות

משפחתנו משפחת גרייס שגרה ב„קרקע״. משפחה מסועפת שמספרה הגיע למאות אנשים, היתה משפחת עובדי אדמה שהתקיימו מעמל כפיהם.

ב־1941 במלחמת העולם השניה עם התקדמות הגרמנים לכוון עירנו גויסו אנשים לצבא הרוסי וביניהם אחי הבכור שנפל כעבור 3 ימים. עזבנו את סמורגון בכוון לרוסיה. חלק מהאנשים ובתוכם הורי חזרו מהדרך לסמורגון.

בתחילת הכבוש היו בסמורגון 2 גיטאות, בעיר ועל „הקרקע״ אשר כעבור כמה חדשים נשאר רק גיטו אחד בעיר. בהיותי ילד קטן הסתובבתי ליד משרדי „היודנרט״ וראיתי את הגזרות שגזרו הגרמנים, פעם דרשו 100 מעילי פרווה וכו׳, ופעם דרשו פועלים וכשלא היה מספיק התנדבתי להיות אחד הפועלים, עבדו בביח״ר לחתוך עצים.

כעבור תקופה קצרה התחילו לחסל את הגיטו והשאירו רק אנשים חסונים ואני ומשפחתי נשארנו בתוכם. האנשים שולחו לקובנה, ז׳ז׳מיר, וילנה ביניהם אחותי הבכירה עם בעלה שמשון אסינובסקי וילדיהם ובדרך לפונר נספו יחד עם יתר האנשים. אנחנו נסענו לכוון ז׳ז׳מיר זה היה מחנה עבודה קשה מאד אנשים חלו בטיפוס וביניהם אחותי. משם נבחרו כעבור כמה חדשים אנשי עבודה ושלחו אותנו ל„פלסקוב״. עבדנו בפסי רכבת שהוליכו לחזית במרחק 6 ק״מ מאתנו. עבדנו בתנאים קשים מאד בחרנו במוטל מירסקי כמנהיג ואחראי אשר דאג לטובת כולם כעבור זמן הועברה אותה הקבוצה למוקרבה שבאסטוניה ומשם הועברנו לריגה למחנה „קיזרוואלד״. כאן בריגה מתחילה התקופה הקשה ביותר, בהגיענו למחנה הרכוז קבלו אותנו במכות רצח, לקחו מאתנו את בגדנו וקבלנו בגדי מחנה, קבוצות אנשים היו נשלחים לבית הקברות הישן של ריגה להוציא את המתים ולשרפם, ואחרי גמר העבודה היו הגרמנים שורפים את אותה הקבוצה.

לאחר זמן נשלחה קבוצה גדולה ל„דונדגה״ הקרוי מחנה המות. מפקד הס.ס. זורקי ואנשי המחנה קראו לו „אייזנר גוסטב״ ושני סגניו היהודים אחד בשם וורנר מתאגרף מפורסם מברלין והשני הוברט ושניהם היו רוצחים כמו הגרמנים.

לאותו המחנה נפלנו גם אנחנו, אבי ואמי אחי ואחותי ואני. ועוד הרבה אנשים מסמורגון. זה היה מחנה מוות ועינויים. היו מרביצים מכות עד ליציאת הנשמה שמה אבדנו הרבה אנשים מקבוצתנו.

עם התקדמות הרוסים העבירו אותנו ברגל דרך ארוכה וקשה. חצינו נהרות ויערות, כמה מאנשינו ניסו לברוח ביער לפרטיזנקה אולם לא הגיעו למחוז חפצם. החלק הקטן מאתנו שנשארו בחיים הגיעו ברגל לשטוטהוף. שם עשו הגרמנים אקציה האנשים מוינו לקבוצת עבודה וקבוצת מות אני ואחי שלום היינו בין שורת המות, אני הצלחתי לקפוץ לקבוצת העבודה ע״י אבי וככה נשארתי בחיים. אמי ואחי שלום מצאו את מותם בשטוטהוף. משם שולחנו ברכבות לבוכנולד. מ־450 איש מקבוצתנו נשארו רק כ־60 גברים לערך. משם העבירו אותנו למחנה „רימסדורף" ביח״ר לדלק מפחמים. העבידו אותנו בפרך ואנשים נפלו כזבובים, ביניהם אבי ז״ל. בפברואר 1945 מוציאים את כל המחנה כ־12 אלף איש ובתוכם יחידים שנשארו בקבוצתנו למצעד המוות. הלכנו ללא אוכל ושתיה ברגל ימים ולילות האנשים נפלו כזבובים בין אלה שהגיעו לדרזנשטט מבני קבוצתי נשארתי רק אני וזלמן פרגמנט. ב־9 למאי 1945 משחרר הצבא האדום את המחנה שלנו מידי הגרמנים הארורים. אחרי השחרור חליתי בטיפוס הבטן ולאחר שהבראתי במחנה צבאי רוסי נשארתי בודד ויחיד מכל המשפחה. ואני נער כבן 16 הנראה כבן 12 לכל היותר. נשלחתי לכוון סמורגון ובדרך נודע לי שבלודז׳ נמצאים הרבה יהודים ניצולים. עזבתי את הטרנספורט ופניתי לכוון לודז׳ ובקשיים הגעתי שמה. בנסיעתי ברכבת הייתי צריך להחבא מפני אנשי „אקא" שרצו להרוג את היהודים. ובנס הגעתי ללודז׳. קבלנו סדור ראשון בקומת היהודי ולמחרת בקרו אותי אחיות קרוכמלניק שהודיעו לי שהמרכז של הסמורגונאים זה אצלם בבית. ושם פגשתי את משה ברנשטיין חברי לספסל הלימודים.

עם קבוצת ילדים מגיל 13—17, 105 במספר עברנו לצ׳נסטחוב ומשם העבירו אותנו בתור יהודי יוון לפרג ולגרמניה. בדרך תפסו אותנו ונשלחנו חזרה כמה פעמים, עד שסוף כל סוף הצלחנו להגיע למינכן בתור יהודים גרמנים, ממינכן העבירו אותנו לפלדנהינג ושם הכשירו אותנו לעליה בשפה העברית. ב־1946 עליתי על אנית מעפילים במרסל כעבור 14 יום הגענו לחופי הארץ אולם נעצרנו ע״י 2 אניות אנגליות ואחרי מלחמה של יום שלם העבירו אותנו לחיפה ומשם לקפריסין.

כעבור 8 חדשי שהותי בקפריסין בקבוצת עלית הנוער הגעתי ארצה התגיסתי לצה״ל. ובאותה תקופה של מלחמת השחרור נפל חלל חברי לספסל הלימודים משה ברנשטיין ז״ל בימים הראשונים של המלחמה.

# יזכור

יזכור עם ישראל את ילדי מחמדיו, טהורים בני טהורים, שנגזלו מחיק הוריהם בידי חיתו־אדם והובלו כצאן לטבחה; שנערפו והומתו במיתות משונות ונערמו ערימות ערימות בראש חוצות. — עוללים ויונקים שנופצו אל אבני קיר, ששומטו מחומות ושהושלכו חיים בשקים למצולות נהרות, ונקטפו חייהם באבם בידים אכזריות — על קידוש השם.

זכר ישראל ושים בצרורך...

# יצחק כצנלסון / הָרִאשׁוֹנִים לְכִלָּיוֹן

(קִינָה עַל יַלְדֵי יִשְׂרָאֵל הַמֻּשְׁמָדִים)

— — הָרִאשׁוֹנִים לְכִלָּיוֹן — הַתִּינוֹקוֹת הָיוּ, יְתוֹמִים פְּעוּטִים,
הֶפְקֵר עַל אֲדָמָה
הֵם הֵם הַטּוֹב שֶׁבָּעוֹלָם, מֵיטַב הַחֵן לָאָרֶץ הַחֲשֵׁכָה!
הָה, יְתוֹמִים רַכִּים! מֵהֶם, מִגַּלְמוּדֵי-עוֹלָם בְּבֵית-מַחֲסֶה,
הֵצִיצָה לָנוּ נֶחָמָה,
מִן הַפָּנִים הַצְּגוּמִים, אִלְּמִים וַאֲפֵלִים, אָמַרְנוּ. עוֹד אוֹר-יוֹם
עָלֵינוּ יִבָּקַע!

הִנֵּה כִּי כֵן, בְּסוֹף הַחֹרֶף, אַרְבָּעִים וּשְׁתַּיִם, בְּבֵית-מַחֲסֶה כָּזֶה עָנִי,
רָאִיתִי יְלָדִים, אַךְ זֶה עַתָּה נֶאֶסְפוּ בָּרְחוֹב, וָאֶתְכַּנֵּס אֱלֵי פִּנָּה
מִן הַפִּנּוֹת,
וָאֶרְאֶה בְּחֵיקָהּ שֶׁל מְחַנֶּכֶת שָׁם תִּינֹקֶת, פָּחוֹת מִבַּת שְׁנָתַיִם הִיא,
רָזָה — רָזֹנֶת, חִוְרוֹן — הַמָּוֶת בְּפָנֶיהָ וְעֵינַיִם לָהּ, רְצִינוֹת הֵן, רְצִינוֹת.

וָאֶתְבּוֹנֵן בָּהּ, הִתְבּוֹנַנְתִּי בְּבַת-שְׁנָתַיִם זְקֵנָה זוֹ, בְּסָבְתָא — כְּבַת מֵאָה
הִיא הַיַּלְדָּה בְּיִשְׂרָאֵל, כְּבַת מֵאָה זוֹ הַחֲמוּרָה וְהָעֲנוּת -
אֲשֶׁר לֹא רָאֲתָה סָבְתָא שֶׁלָּהּ בַּחֲלוֹמָהּ רָאֲתָה זוֹ בְּהָקִיץ,
הַתִּינֹקֶת הַנִּדְכָּאָה,
וָאֵבְךְּ, וְכֹה אָמַרְתִּי אֶל נַפְשִׁי: אַל בְּכִי, הַצַּעַר יַחֲלֹף, אַךְ תַּעֲמֹד
בָּהּ הָרְצִינוּת!

הָרְצִינוּת הִיא תַּעֲמֹד, הִיא תַּעֲרֶה לְחֵיק-עוֹלָם, לְחֵיק-חַיִּים,
תַּעֲמִיק אוֹתָם.
זֶה כֹּבֶד-רֹאשׁ הַיְּהוּדִי. הוּא יְפַכֶּה, יָעִיר, עֵינֵי-עִוְרִים יִפְקַח, יָהֵל;
כְּמוֹ תוֹרָה הוּא לָעוֹלָם, כְּמוֹ נְבוּאָה, כְּמִכְתַּב-הַקֹּדֶשׁ בַּחוֹתָם —
אַל תֵּבְךְּ, אַל תֵּבְךְּ... שְׁמוֹנִים מִלְיוֹן רוֹצְחִים יִהְיוּ כַּפָּרָתוֹ שֶׁל
יֶלֶד כְּבַד-הָגוּת בְּיִשְׂרָאֵל.

אַל תֵּבְךְּ... בְּ„תַחֲנָה" זוֹ עוֹד יַלְדָּה רָאִיתִי, כְּבַת חָמֵשׁ שָׁנִים,
הִיא כִּלְכְּלָה אָחִיהָ הַפָּעוּט מִמֶּנָּה, וְהוּא בּוֹכֶה, חוֹלֶה הָאָח,
בְּתוֹךְ רִבָּה קְלוּשָׁה טָבְלָה פֵּרוּרִים שֶׁל לֶחֶם מְצֻנָּמִים,
וּבְרֹב חָכְמָה אֶל פִּיו הִבְרִיחָה.. זָכוּ עֵינַי לִרְאוֹת בְּכָךְ!

לִרְאוֹת הָאֵם, הָאֵם בְּגִיל חָמֵשׁ, בְּכַלְכְּלָה אוֹתוֹ, לִשְׁמֹעַ אֶת שִׂיחָהּ
בְּדַבְּרָהּ אֵלָיו. אִמִּי, אַחַת בִּמְלוֹא תֵּבֵל, הִיא לֹא הִשְׂכִּילָה כֹּה
בְּהַמְצָאוֹת
זוֹ מָחֲתָה דִּמְעוֹ בִּצְחוֹק, הִבְלִיעָה אֶל לִבּוֹ שִׂמְחָה.
יַלְדָּה בְּיִשְׂרָאֵל! שָׁלוֹם-עֲלֵיכֶם לֹא הֵיטִיב בָּזֶה מִמֶּנָּה לַעֲשׂוֹת.

אֲנִי רָאִיתִי זֹאת! רָאִיתִי שָׁם בְּבֵית אֶת הַיָּתוֹם, אֶת הַגָּדוֹל;
נִכְנַסְתִּי לְאוּלָם אַחֵר. הִלְּכָה צְנָה צְנָה — גַּם פֹּה, גַּם שָׁם —
וּמֵרָחוֹק תַּנּוּר שֶׁל פַּח — נָגְהוֹ עַל קֹמֶץ יְלָדִים יִפֹּל,
הַתִּינוֹקוֹת הָעֲרֻמִּים-כִּמְעַט נִצְּבוּ סָבִיב לְלַהַט הַפֶּחָם.

לַהַט הַקּוֹפֵס, אֶחָד רַגְלוֹ הוֹשִׁיט, זֶה יָד קְטַנָּה, קְפוּאָה קֵרֵב,
וְזֶה כְּתֵפוֹ הָעֲרֻמָּה. וְאֶחָד חִוֵּר, שְׁחוֹר-עַיִן, יֶלֶד רַךְ מְאֹד,
סִפֵּר מַעֲשִׂיָּה, לֹא, לֹא מַעֲשִׂיָּה הָיְתָה זוֹ! הוּא סָעַר, הוּא הִתְלַהֵב —
הוֹי, בֶּן-אָמוֹץ! כָּמוֹהוּ לֹא נִלְהַבְתָּ, וְלָשׁוֹן יִשְׂרְאֵלִית לֹא
הָיְתָה לְךָ כָּזֹאת.

יְהוּדִית דִּבֵּר. מְעֹרָבָה בִּלְשׁוֹן-הַקֹּדֶשׁ. לָאו, לְשׁוֹן הַקֹּדֶשׁ הִיא בַּכֹּל!
שְׁמַע, שְׁמַע, רְאֵה עֵינָיו שֶׁלּוֹ, הַיְּהוּדִיּוֹת, וְאֶת מִצְחוֹ, וְאֵיךְ יְשַׁלַּח
רֹאשׁוֹ לְמַעְלָה... יְשַׁעְיָהוּ! לֹא קָטֹן כָּמוֹתוֹ הָיִיתָ, וְלֹא הָיִיתָ כֹּה גָּדוֹל,
וְטוֹב כָּמוֹהוּ לֹא הָיִיתָ, וְלֹא אֱמֶת כָּזוֹ בְּפִיךָ, וְלֹא הֶאֱמַנְתָּ כָּךְ!

אוּלָם יוֹתֵר מִזֶּה הַיֶּלֶד בְּבֵית-הַמַּחֲסֶה, הַיֶּלֶד שֶׁדִּבֵּר כֹּה נִרְגָּשׁוֹת,
גָּדוֹל מַרְאֵה אֶחָיו וְאַחְיוֹתָיו, אִישׁ-אִישׁ מֵהֶם בְּפֶה זָעִיר פָּתוּחַ
לוֹ הִקְשִׁיב, שָׁמַע –
הָהּ, אֲרָצוֹת כְּלָכֶן, עָרִים גְּדוֹלוֹת שֶׁבְּאֵירוֹפָּה, יְשָׁנוֹת גַּם חֲדָשׁוֹת,
לֹא רָאֲתָה עוֹד עֵין-תֵּבֵל כָּזֹאת, וְלֹא הָיְתָה כָּזֹאת עַל פְּנֵי הָאֲדָמָה.

— — הִבַּטְתִּי וְרָאִיתִי: מֵעַל גַּב צָנוּם שֶׁל יְהוּדִי הוֹרִידוּ שַׂק —
וַיֵּבְךְּ הַשַּׂק: תִּינוֹק מִיִּשְׂרָאֵל! כָּאֵשׁ תִּבְעַר חֲמַת הַסַּרְדְּיוֹט:
אַיֵּה הָאָב! וְאֶל הַיֶּלֶד בִּגְעָרָה: הַכֵּר אוֹתוֹ! הַיֶּלֶד מִתְבּוֹנֵן,
לוֹטֵשׁ עֵינַיִם כְּמִשְׁתָּק,
מַבִּיט בָּאָב וְאֵינוֹ בּוֹכֶה... בִּפְנֵי אָבִיו יַבִּיט וְלֹא יַכִּירֶנּוּ עוֹד!
פְּעוּט זֶה! נִיּוֹצֵא הַגֶּרְמַנִי אָז יְהוּדִי אַחֵר מִן הַשּׁוּרָה, אִישׁ
„חף" — אַתָּה!

וְאֶת הַשְּׁנַיִם מְצָרֵף הוּא אֶל אַלְפֵי הַנִּדּוֹנִים לַמָּוֶת — לְצוֹן כָּזֶה חָמַד.
וְעוֹד רָאִיתִי — אַךְ שְׁעוּ מִמֶּנִּי אַל תִּשְׁאָלוּ, מָתַי? הֵיכָן?
מָה עוֹד עֵינַי רָאָתָה?
הִשְׁבַּעְתִּיכֶם: אַל-נָא חֲקֹר דָּבָר, וְאַל שְׁאֹל וְשָׁמוֹעַ עַל רְחוֹב מִילָא
עֲדֵי-עַד.

— — הֵם, יְלָדִים מִיִּשְׂרָאֵל, הָרִאשׁוֹנִים הָיוּ כֻּלָּם לִגְזַר-הַדִּין וְלָאָסוֹן
רֻבָּם בְּלֹא אָב וָאֵם: אָכַל בָּהֶם הַקֹּרַח וְהָרָעָב וְהַכִּנָּם
מְשִׁיחִים קְדוֹשִׁים, מְקֻדָּשִׁים בְּיִסּוּרִים.. אִמְרוּ נָא, אֵלֶּה מֶה
חָטְאוּ הַצֹּאן?
מַדּוּעַ זֶה בִּימֵי הַכִּלָּיוֹן הֵם רִאשׁוֹנִים הֶפְקֵר לָרֶשַׁע, רִאשׁוֹנִים בְּכַף הִנָּם?

הָרִאשׁוֹנִים הָיוּ, לְקוּחִים לַמָּוֶת, רִאשׁוֹנִים אֶל הַקָּרוֹן,
כֹּה הָשְׁלְכוּ לָעֲגָלוֹת, אֶל הַגְּדוֹלוֹת כַּעֲרֵמוֹת אַשְׁפָּה כְּדֹמֶן-אֲדָמָה —
וְהִסִּיעוּם, וַהֲרָגוּם, וְהִשְׁמִידוּם, לְלֹא שָׂרִיד וְזִכָּרוֹן...
מֵיטַב בָּנַי! נִסְפּוּ! הָהּ, אוֹיָה לִי וְאַלְלַי! שַׁמָּה וּמְשַׁמָּה!

חֲנוֹךְ אַל־דָמִי

# ילדות אחת

לזכרם של ילדי סמורגון הקדושים
והטהורים — בלב דווי.
המחבר

## א.
## שאל אביך ויגדך...

ילדי, לא פעם שאלת ביישבי רכון על גבי הספר הזה לאמר:

„— אבא, מה ספר זה מספרים אחרים,

שכל־אימת שהוא מונח לפניך, ואתה קורא בו — דוק של עצבות מצעף את פניך; ואין אתה מניח אותו עד שתושיבני על־ידך ותבקש לקרא לפני אחד מפרקיו. ואני, אבא יקר, תמיד, בשעת מעשה זה, מפטיר ואומר לך:

„— כבד הוא ממני, כספר החתום הוא לי; כריכתו שחורה והיגון מהלך בין הדפים. ולי — ספרים למכביר שהם שמחים ומהנים.

„— ילדי, אם באמת קשה לך לקרוא בו, והדברים הכתובים על מאות העמודים בספר, רחוקים ממך והלאה — מעולם אחר... הן תאזין, לפחות, לדברי בעל־פה ותשמע את סיפור העיר הקטנה, מולדת אבותיך ואבות אבותיך, דורות רבים. ולמדת לדעת כל המונה וצבאה, ששונה ויגונה, ייחודה במסכת החיים שנקפדו על־ידי צר וצורר.

ומי יודע אם לא תמצא, אחרי כל אלה, שעצך הרענן שתול על פלגי החיים ההם ושרשיו יונקים ממקור ההוויה של אבותיך".

## ב.
## מקום תחת השמש

במפות הגיאוגרפיות ובספרי הלימוד של כתיבת־הארץ שבידך, בני — נפקד שמה של העיר הקטנה.

ברם, כדי שתאתר מקומה תחת השמש, הבה נצא יחדיו לחפש נקודה זעירה זו בעולם הגדול — ונמצאנה:

בין מינסק, בירת רוסיה הלבנה ולבין וילנא, היא „ירושלים דליטא", עירו של הגר"א (הגאון ר' אליהו), עיר ואם בישראל לתורה ולתעודה.

והמקום — חבל ארץ רבתי. יערות־עד צומחים בה משֵשת־ימי־בראשית. נהרות, נחלים ואגמים שוקקים מבתרים מרחביה. בין יערותיה דובים יהלכו. זה הדוב השחום שיצא לו מוניטין ברחבי הארץ; זולל וסובא ולקקן רבא. ברבות הימים

אמצו להם אבות־העיר את הדוב לתתו סמל על שלטה של העיר.

אגדות רבות ידעו אבותיך לספר על מדרש־שמה של העיר־סמורגון, על „אסכולה של דובים" שבה, על „מאפה־בצקה" המה כעכי סמורגון המפורסמים, על אגדת שני נחליה, גרויאט ואוקנה, פלגי הנהר הגדול ויליה.

אם אגדות אתה אוהב, קרא בראשיתו של הספר את מחזור־האגדות בשם „שיח קדומים". ואם להעמיק־שאלה תאבה, אזי עיין במאמר הפתיחה על קורותיה של העיר מראשיתה ועד חורבנה.

ג.
## עולמו של ילד אחד.

וכל השאר — מעשי ילדות, חוויות וריגושים, שמחה, כאב וחלומות, המשתקפים באספקלרית עולמו של ילד אחד על רקע חיי העיר הקטנה — תמצא בפרקים הבאים שהם **פרק אחד בלבד** ממסכת חיי אנוש.



1
## ביתו של הכובען

ביתו של ר' שלמה הכובען עמד ברחוב הקריבאי בסמוך לאותה באר ממנה שאבו כל דרי הרחוב מים לצרכיהם.

קומה אחת ושתים עליות־גג, שנקראו „שלק"ה" בלע"ז — היו לביתו של ר' שלמה.

בית־קורות היה הבית. מספרים עליו על הכובען: כשעמד לבנות הבית לעצמו, יצא והכריז לפני „הגויים", יושבי הכפרים, שמי שיבוא ויביא לו קורה מן המובחר, עץ אדיר, חסון ומעובה, מלבד שיבוא על שכרו, יקבל דורון; כובע של חורף, שעשוי פרווה ואזניותיו מופשלות כלפי מעלה שקוראים לו „נאושניק". הביאו האיכרים עצים לבנין, שתים־שלוש קורות במזחלה אחת, פרקום לפני המגרש ונסעו. יצאו הצ'סלר"ים, הם הבנאים והקימו הבית. היו הללו מקרים את הגג עליו, בא ר' שלמה הכובען ואמר להם:

— עד שאתם מעלים את „הכובע" היינו, הגג על ראש הבית, עשו שתי־עליות, שהולכות ומתחדדות ומצטמצמות כלפי מעלה ותבניתן עם הגג הרוכב עליהן — נאושניק, הוא כובע־החורף בעל האזניות.

יצא הבית מידי האומנין כד וחלק. לא יתר ולא חסר ומדוקדק בכל הפרטים. והלא תשאלו, למה היה צריך הכובען לבנות ביתו שתי עליות, כלום אחת לא דיה לו? — צריכא. העליה הראשונה משמשת בית־מלאכה. כאן יושבות שתי בנותיו של ר' שלמה, צירל ופיגל, (שאר הבנות, יונות תמות, נתפרחו

משובכן לעבר־הים, לאמריקה). ותופרות הכובעים לאוכלוסין של היהודים ולהמוניות של כפריים. בניו של הכובען, מהם שעומדים כבר ברשות עצמם, ומהם שוליות אצל האומנין של העיר: ברסקאים וספרים. ועלית הגג השניה?...

— זו ריקה עומדת כל השנה. רק בערבי פסח מורידים את כלי־החג ששמורים שם כל השנה, בעד הפתח בתקרת עלית־הגג הראשונה.

אלא שרוצה אני לספר לכם על חור **אחר** בתקרה... זה שנמצא בתקרה אל־כ‍ול־חנות־הכובעים ממש ופתחו בשלק״ה של צירל ופיגל.

נכנס אתה לחנותו של הכובען, מיד מצטלצלת בצלצל ובתרועה המצילה של דלת־הכניסה ובעד אותו החור שמלמעלה משתרבבת כלפי מטה, צורת בת־חוה אם זו של צירל או של פיגל בנות ר׳ שלמה. הדמות שבחור, פנים עגלגלות לה כפני הירח באמצע החודש — קוראת אז בקול, ספק צפצוף, ספק שריקה. כביכול יצא משפופרת שפייתה החור בתקרה והקנה — חללו של החנות למטה;

— אבא, כמדומה, שקינה נכנס לחנות.

יוצא הכובען הזקן מן „האלקי״ר״, הוא מין חדר — בחדר קטן בצדה של החנות ורואה את הקונה, „גוי״ אחד, מילידי הארץ, עומד ומפשיל ראשו כלפי מעלה ומחייך בין שפמו לזקנו המגודל כאחד האומר:

„ראו עד היכן מגיעים אלה בהמצאותיהם?...

רצונכם לדעת המצאתו של מי היה חור זה בתקרה? קונם עלי, אם יודעים אתם. אלא **ילד אחד**, הוא בקיצור, הילד או קטינא של הסיפור, בנו של ברל, בנו בכורו של ר׳ שלמה הכובען, יודע ועד שהמצאתו של אביו הוא.

מעשה שהיה כך היה: פנים מאירות היו לאביו של הילד ולא בסר בשום מעשי קונדס. באחד מימות החורף, כשכלתה רגל מן השוק ופרוטה מן הכיס, בא אבא שעמד, כידוע, כבר ברשות עצמו והיה בעל־בעמיו וכל גאוותו על ינוקא זה שבינתים הגדיל ומספר לכם הסיפורים — אל מי הוא בא? אל סבא ר׳ שלמה הכובען וכך אמר:

— אבא, לו שמעני ונתקין חור בתקרת החנות, מפולש לעליה של צירל ופיגל...

נתן סבא מבטו בבנו, מין מבט שפירושו היה בערך זה:

„כלך־לך למקום אחר עם „החכמות שלך״. ובדיבור הוסיף מעין הדברים האלה:

— רואה אני בך, בני, שאין לך דאגות אחרות. אם רוצה אתה בחור בתקרה, ניחא, עשה כאשר אמרת — רק אל תעשה לי חור בראש... אלא שמא רשאי אני לשאול את בני, בר־בטני, כל־כך למה?

— למחר, יהיה האות — נקט אבא לשון של קיצור ומסתורין, חייך חיוך שיש בו ק״ן טעמים של משובה וליצנות, אמר שלום לאביו ויצא.

